יודישע

# פאָלקס-צייטונג

י"ב אָדר תרס"ג. **פּורים-נומער** 11 März 1903.



## צו אונזערע געעהרטע אַבאָנענטען.

מיר דערמאַנען די געעהרטע אַבאָנענטען, אַז מיט דעם

### נומער 13 ענדע חודש מאַרט

ענדיגט זיך דער אַבאָנאַמענט פון די וואָס האָבען אויסגעשריבען די פאָלקס-צייטונג נאָר אויף איין פיערטעל יאָהר און בעטען אין דער צייט אריינשי-קען דעם אַבאָנאַמענטס פּרייז: אויף דריי פיערטעל יאָהר 3 רובל; אַ האַלב יאָהר 2 רובל; אַ פיערטעל יאָהר 1 רובל.

אויך דערמאַנען מיר די יעהרליכע אַבאָנענטען, וואָס האָבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאַמען מיט דער פּרעמיע, 4 בענדער פון אַלע שלום עליכם'ס ווערק. אויף ראַטען, דאַרפען צום 1־טען אַפּריל צושיקען

### די צווייטע ראַטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אַבאָנענטען בעצאָהלען פאַר דער פּרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכם'ס ווערק 2 רובל, אָדער 50 קאָפּ' פאַר יעדען באַנד מיט פּאָרטאָ.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אַבאָנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אַבאָנאַמענטס פּרייז ניט שפּעטער פון 1־טען אַפּריל. כדי מיר זאָלען זיי קענען פּינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערען.

**די אַדמיניסטראַציע.**

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומר פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג“ ווערען אנגענומען ניט ווייניגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומר 1; פון נומר 14; פון נומר 27 און פון נומר 40. 3) די „פרעמיע“ אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט. 4) די אבאנענטען, וואס האבען אריינגעשיקט דעם 1-טען יאנואר 1 רובל 25 קאפ. אדער 1 רובל 50, דארפען צום 1-טען אפריל צושיקען די ערשטע 75 קאפ און די צווייטע 50 קאפ. לויט אבאנאמענט פרייזען וואס געפינט זיך אויף יעדען בלאט.

Nr. 11. **Jüdische Volks-Zeitung** צווייטער יאהרגאנג.

# יודישע פאלקס-צייטונג

### א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל אונ דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 16 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

11 März 1903. Nr. 11. י״ב אדר תרס״ג.

## דער פורים שפילער.

דאס ווייב איז קראנק, דאך געהט זי אום
אונ טראגט דעם וועהטאג שטיל אונ שטום;
דאס קינד האט „טיף“ אונ ליגט אין בעט,
אונ פלוידערט אלץ אונ רעדט אונ רעדט.

אונ יענקיל איז א שארבען אויך,
ער שפייזט זיך נאר מיט ליולקע-רויך
אונ מיט א קללה פון דעם ווייב:
„א בראך, שוין יממזל, אין דיין לייב!“...

אין שטוב איז פינסטער נאס אונ קאלט,
די װענט זיי וויינען דאכט זיך: גוואלד!...
דאס אויוועלע, וואס ניט געהייצט,
שטעהט דאכט זיך בייז אונ אויפגערייצט...

* * *

עס קומט די ליבע פורים-נאכט —
עס האט זיך יענקיל אויפגעוואכט;
זיין ראל ער לערנט מיט געפיהל,
ער געהט באלד שפילען „פורים-שפיעל“...

„דאס קינד איז, יענקיל, ביטער קראנק“ —
ער טרייבט מיט גוואלד דאס בייז-געדאנק.
„עס וועט באלד זיין דיין ליב קינד׳ס עק“! —
אונ יענקיל בעט: „אוועק, אוועק!“...

אונ יענקיל פרובט זיך לאכען שוין,
בעקומען דארף ער דאך זיין לוין...
עס גיסט זיך, גיסט זיך ווילד זיין בלוט,
דאך דארף ער, היינט דאך לאכען גוט...

אונ יענקיל לאזט דאס קראנקע קינד
אונ געהט ערפרעהען א רייך געזינד
אונ יענקיל שפילט אנטיק זיין ראל:
ער זינגט אונ לאכט הויך אויפ׳ן קול...

אברהם רייזען.

---

## אויך מיר א יום-טוב.

(ערציהלונג).

שלום דער שוסטער איילט אין בית-המדרש. דער בעל-קריאה האט נאך ניט געענדיגט די מגלה, די יונגלעך מיט די המן-קלאפערס אונ גראגערלעך ווארטען שוין מיט אונגעדולד נאך דער לאנגער פויזע, צו קלאפען נאך די „עשרת בני המן“, — אבער שלוםען דאכט זיך, אז עס איז שוין זעהר שפעט: אין בית-המדרש איז אזוי ליכטיג, עס איז שוין האלבער-טאג, אונ וואס ליכטיגער עס ווערד אין בית-המדרש, אזוי פינסטערער ווערד איהם אויף דער נשמה: אט-אט דארף ער שוין געהן... אונ עס שרעקט איהם מאדנע: ווי געהט מען דאס?... אונ באלד הויבט איהם אן צו יאגען: גיכער! גיכער! דערווייל איז שוין שפעט, אויב געהן, ברויכט מען שוין געהן, אונ קלערען איבער דעם וועט ער שפעטער.

ער האט צונויפגעלעגט זיין טלית אונ איז אוועק פון בית-המדרש. דער שעגער פריה-מארגען אויף דער גאס האט איהם נאך מעהר געטריבען.

ער דארף נאך אריינגעהן אהיים, אנטון זיך... עפיס א שבת-דיגען בגד אנטון, זאל מען מיינען, אז ער געהט דאס ארום אין „נבאות“, ניט אויף זיך... חיים „דער דאמסקער“ זאגט, אז ער געהט שוין דאס דריטע יאהר אזוי אום פורים, אונ ער „מאכט“ צונויף א שענע מטבע...

שלומען קלאפט דאס הארץ.

אונ דער טאג ווערד ליכטיגער אונ ווארעמער.

אט איז די היים... ער געהט אראב איבער צוויי אויסגעקרומטע אונ גליטשיגע האלצערנע טרעפליך אונ עפענט די טיר. אין דעם קעלער-שטוב איז פינסטער אונ פייכט. אין דעם שענעם טאג פיהלט ער דא נאך מעהר ווי אלע מאל די אויסגעשפרייטע מרה-שחורה... אריינקומענדיג יעצט פון גאס, האט איהם אנגעהויבען דאס הארץ צו נאגען, ס׳האט איהם טיעף פערדראסען: דארטען איז אזוי ליכטיג אונ שען, אונ דא — אזוי פינסטער אונ פייכט... ווער וואהנט, פרעגט

זיך, אויף דער גאס?... ווער ברוכט עס דארטען די ליכטיגקייט?... פאר וואס איז אין שטוב אזוי פינסטער?...

אונ ער האט זיך באלד עפיס דערשראקען: ס'האט איהם דער קעלער-שטוב געשראקען, לויט זיינע איצטיגע מחשבות.

ער ווארפט זיך צום אלטען קליידער-שרענקל, ער זוכט דארטען זיין שבת'דיגען בגד. עס קומט איהם אין די הענט אריין דעם ווייב'ס אלטע קליידלעך; ער טאפט אן דארטען שמאטעס, ער געפינט זיינע שוסטער-געצייג — ענדליך דערמאהנט ער זיך, אז ער האט ניט קיין שבת'דיגען בגד.

„אלץ איינס"... טראכט ער: „מען וועט סיי ווי סיי פערשטעהן... קיין נאראנים זענען ניטא היינטיגע צייטען"...

ער דערמאהנט זיך, אז חיים בארגט ביי זיין בעל-הבית דעם שבת-דיגען זומער-מאנטעל — „האט דאך חיים א בעל-הבית", פערענפערט ער זיך אין דער מחשבה אויף דעם, וואס ער וועט געהן וואכענדיג: „איך בין דאך פאר זיך, ביי וועמען האב איך צו בארגען?"...

דאמאלס בעמערקט ער זיין ווארשטאט. ער שטעהט אין א ווינקעל אזוי עלענד, פערוואָרפען... דעם קינד'ס היטעלע אונ דעם שכנ'ס קאפאטע ליגען פון אויבען — ער האט שוין לאנג ניט געארבייט אויף איהם...

— וואס פאר א טאג איז היינט דרויסען? — פרעגט דאס ווייב, א בלאסע, א קראנקע פרוי, וואס האט ערשט אזוי פויל די אויגען געעפענט, ליגענדיג אין בעט.

— היינט... א שענער טאג... ענטפערט דער מאן מיט אבגע-האקטע ווערטער: ס'ווילט זיך איהם ניט זאגען איהר, וואס פאר א שענער טאג עס איז דרויסען — צו וואס זאל איהר נאך פערדריסען?

— טאטע, — זאגט א יונגעלע, וואס האט זיך אויך אויפגע-שטעלט אין דעם זעלבען בעט — טאטע, איך וויל געהן, כ'וועל א קוק טון...

אין דעם שוואכען שטימעלע פיהלט זיך א בענקעניש נאך דער ליכטיגער גאס אונ דעם שענעם טאג.

— א בארוועסער?!... — בייזערט זיך מאדנע דער טאטע — היינט וועט זיין שטיוועלעך... מארגען... מארגען וועט זיין שטיוועלעך...

אונ דער טאטע קערט זיך אב אונ פערטראכט זיך, ווי נאריש א מענש איז... אז ער האט דעם קינד געזאגט: „היינט וועט זיין שטיוועלעך", האט ער מורא בעקומען פאר דער ליגענד אונ האט אומגעביטען אויף „מארגען" — אונ דער „מארגען" איז דאך אויך א ליגענד... אויף אלעם וועט דער „מארגען" ניט סטאיען... אויף לעדער דארף מען אפילו ניט א סך, אויפנעהען וועט ער אליין...

— טאטע, — מאכט דאס יונגעלע, ווי דערמאהנענדיג זיך — היינט איז פורים... איך האב ניט קיין גראגער... ווען וועסט דו קויפען, טאטע?...

דער טאטע האט געשוויגען.

„פון „שלח-מנות" ווייס נאך דאס קינד, -עביך, ניט, נאר די גראגערלעך האט ער געמוזט הערען קלאפענדיג אויף דער גאס..." קלערט דער טאטע אונ דאס הארץ דריקט איהם: ער וויל לויפען פון דאנען...

דאס ווייב האט צוגעמאכט די אויגען — א בלאסע, א מידע. זי פערשטעהט, וואוהין דער מאן געהט, זי וויל ניט פרעגען, ווי באלד ער זאגט ניט אליין...

אבער שלום געהט נאך פון שטוב ניט ארויס, ער שטעלט זיך אב נעבען דעם שכן.

— וואו זענט איהר, אלטער, היינט צו דער מגלה געווען? פרעגט ער גלאט אזוי, ניט דאס איז ער אויסען, נאר עס האלט איהם עפיס אב דא אין שטוב.

# פעליעטאן.

## קאנקורענטען.

(א ראמאן לכבוד פורים).

פון שלום-עליכם.

א.

דעם גאנצען טאג פורים האט מנשה דער בחור מיט די גרויסע שטיוועל געקנעטען די מאזעפעווקער ליימינע בלאטע אונ פיני דער אלמנה'ס האט געטיאפקעט מיט די קרומע פיס.

זיי האבען געטראגען שלח-מנות.

מנשה דער בחור האט געהאט פורים אין מאזעפעווקע די „גרעסטע פראקטיקע".

ער האט געהאט א פאר היבשע פיס, וואס האבען געקאנט ארבייטען.

ער האט געהאט א פאר היבשע הענט, וואס האבען געקאנט טראגען עטליכע בעקענס שלח-מנות'ן מיט אמאל.

ער האט געהאט דערצו א געזונטען קאפ אויף צו געדענקען וואוהין מע דארף געהן פריהער אונ וואוהין שפעטער, וואוהין מע דארף טראגען דעם שלח-מנות אונ וואוהין יענעם שלח-מנות.

היינט די שטאדט אליין בעדארף מען קענען — ס'איז אויך ניט קיין קלייניגקייט.

אונ וואס וועט איהר זאגען מכח „פארבייטען די יוצרות"?

וואס פאר א פנים וועט איהר א שטייגער האבען, אז איהר וועט רבקה'ס שלח-מנות, וואס איהר דארפט אפטראגען צו לאה'ן, אוועקטראגען צוריק צו רבקה'ן, אדער פארקעהרט?

איהר מיינט ס'האט זיך נישט געטראפען אזא מעשה ביי אונז אין מאזעפעווקע?

עס האט זיך געטראפען אונ ס'איז דערפון ארויס מחלוקת, מיט פעטש, מיט מסירות אין דער גובערניע, מיט א רעוויזאר, מיט א סליעדאוואטעל, מיט פאלשע עדות, מיט דריטהאלבען יאהר טורמע — א מאוס'ע, זעהר א מאוס'ע מעשה!

אלע יודישע מעשיות, אלע אומגליקען ביי אונז הויבען זיך אן פון א קלייניגקייט.

דערפון וואס מאטיל דער ווייגער האט נישט געגעבען דוד לייבען קיין עליה שבת-בראשית, האט דוד לייב איהם געמסר'ט, אז ער רויכערט בראנפען בשתיקה — האט מען איהם מיט נאך צוויי יודען פארשיקט קיין סיביר.

דערפון וואס יוסיל בער האט פארלארען א שוועבעלע אויפ'ן

דער אלטער — אזוי האט מען אין שטוב גערופען דעם שכן, — האט זיין גרויעם קאפ אויפגעהויבען פון דער ליידיגער לייווענדענער טארבע, וואס ער האט מאדנע אבגעגלעט מיט זיינע אויסגעקרומטע שמאלע פינגער.

— איך בין געוועזען אין מנין, אין בית־המדרש איז ווייט... היינט דארף מען ארויסגעהן וואס פריהער... נאר, אז מען געהט פריה, געבען זיי גאר נישט... „פאר־טאג קומען זיי!“ שרייט מען... אט בין איך שוין נעכטען גאר ניט געגאנגען: „איהר וועט צייט האבען מארגען“... שרייט מען, אין תענית זענען זיי בייז...

— איז ביי אייך היינט דער „מארק“?... — זאגט שלום מיט שמייכעל, און זיין הארץ אינעווייניג קלעמט איהם.

דער אלטער טוט אן די טארבע אויפ'ן אקסעל און זאגט:

— וואס הייסט א „מארק“?... קיינער גיט זיך ניט איבער... מענשען זענען ניט אזעלכע גוטע... נאר פורים זודעלט מען חאטש ניט דעם ארימאן... מען איז פרייהליך, מען האט אביסל בראנפען גענומען, שרייט זיך ניט אויפ'ן קבצן... אז מען וואלט מעגען יום־טוב „ארום געהן“, וואלט פאר קבצנים זעהר גוט געוועזען...

— איהר ווייסט שוין גוט — הויבט אן שלום.

— איך בין שוין אין דעם צוואנציג יאהר, — מאכט דער אלטער רוהיג און פעסט — איך בין שוין א האלבע וועלט אומגעגאנגען... אין מיטען וואך איז א סם צו ארום געהן, קיינער גיט גאר נישט און אלע שרייען נאך... וואס בין איך שולדיג? — ער טוט אן זיין אויבער־מאנטעל און זוכט דעם שטעקען.

— און וואוהין געהט איהר? — פרעגט ער באלד שלום'ען שטיל, כדי דאס ווייב און קינד זאלען ניט הערען — אין פורים־שפיעלער, אפשר?

— וואו זענען היינט פורים־שפיעלער, — זאגט שלום — אויס מאדע שוין...

— יע, מען טרייבט זיי ארויס... אפשר אין נבאות? וואס איז די בושה?...

— איהר זעהט דאך, ווי איך געה אנגעטון... — לייקענט זיך שלום.

— מען קאן אזוי אויך געהן — מאכט דער אלטער אהן פארווירפע אין קול — וואו שטעהט דאס, אז מען דארף דווקא א שבת־דיגען בגד צו נבאות?... א שבת'דיגער בגד נוצט דאך אויף א משכן אויך, און פאר וואס ניט? געהט, וועט איהר האבען אפאר רובל... היינט וועט מען אלעמען געבען, און מארגען — ניט... א מענש איז ווי ער רעדט זיך איין: אויף היינט שטעהט אין דער מגלה אז מען זאל געבען... איינער שפארט זיך איין: ראש־חדש טיילט ער, און איך קום אויף מארגען נאך ראש־חדש, ווארפט ער מיך פו די שטיגען אראב... ער ווייסט נאר פון ראש־חדש...

שלום איז געשטאנען און געהערט, שווייגענדיג און קלעמענדיג.

— קומט — מאכט דער אלטער — מען דארף שוין געהן. איצט וועל איך געהן פריהער אויף יענער זייט בריק, אויף „לופאלעוו,“ צו דער סעודה, אם־ירצה־השם וועל איך קומען אין די היעגע גאסען... היינט איז ניט גליטשיג... און איהר געהט, זאג איך אייך — מאכט ער ווידער שטילער — איהר געהט אין די רייכע הייזער... נבאות! וואס ארט אייך?... מען וועט געבען, זיי מעגען געבען, זיי האבען, און איהר האט ניט... זיי האבען ביידע אויף אמאל די טיר געעפענט.

שלום האט געוואלט זיינע מלבושים אב בערשטלען חאטש, — „נו, טראכט ער, ביי חיימען אין שטוב, ער איז דאך א שניידער, וועט ער איהם שוין דאס אלעס צו רעכט מאכען...“

— טאטע, — שרייט דאס יונגעל — ברענג מיר א גראגער.

די פרוי האט ווידער די אויגען געעפענט. באלד האט זי געזיפצט.

---

בוידעם, האבען זיך אנגעצינדען די שטעקלעך, וואס זענען געווען באנאסען מיט קעראסין און ס'איז אוועקגעגאנגען א האלבע שטאדט מיט'ן פייער און ער — ארעסטאנסקי ראטע.

דערפון וואס מע האט געקליבען א ראבינער אין א שטעדטל האט איין יוד געמסר'ט דעם אנדערען, אז ער האט צוגעשטעלט א פאלשע לגאטע צום פריזיוו...

וואס דארפט איהר מעהר? נעמט די מגלה אליין! דערפון וואס מרדכי האט נישט געוואלט קניען און ביקען זיך צו המנ'ען, איז ארוים פונ'ם קעניג אחשורוש איין „אוקאז“ און מע האט שיער ניט אויסגעקוילעט אלע יודען.

א גליק וואס דער קעניג אחשורוש האט געהייסען, מע זאל איהם אריינפיהרען ושתי'ן א נאקעטע (אזוי האט אונז דער רבי געטייטשט), און א גליק וואס ושתי האט נישט געוואלט אריינקומען, איז ביי איהר אויסגעוואכסען א הארן אויפ'ן שטערען (אזוי האט אונז דער רבי געטייטשט), און א גליק וואס מע האט געזוכט דעם קעניג אחשורוש איין אנדער מלכה, האט זיך געפונען א יודיש מיידל אסתר, און א גליק וואס אסתר האט געפונען חן אין די אויגען פונ'ם קעניג אחשורוש, חאטש זי איז געווען א גרינע (אזוי האט אונז דער רבי געטייטשט), האט זי געפועל'ט ביים קעניג אחשורוש, מע זאל איבערמאכען דעם „אוקאז“ פון די יודען אויף די גוים — און פון דעמאלט אן־עסען מיר אלע יאהר המנ'טאשען מיט מאהן, קישעלעך מיט פארבעלעך, פורים־קוילעטש מיט זאפראן און מיר שיקען זיך איינס דאס אנדערע שלח־מנות און מנשה דער בחור פארדיענט געלד.

מנשה דער בחור איז אבער ניט איינער אין מאזעפעווקע, וואס טראגט שלח־מנות און פארדיענט געלד; ער זאל זיין איינער אויפ'ן יריד וואלט ער געגאנגען אין גאלד; דער חסרון איז וואס אומעדום, אומעדום איז די קאנקורענציע.

מנשה האט אין זיין פרנסה גענוג קאנקורענטען, ווארום אין מאזעפעווקע זענען פאראן ברוך השם גענוג ארימע בחורים מיט ארימע מיידלעך, נישט חלילה קיין דיענסטמיידלעך, נאר בעל־הבתי'שע מיידלעך, טאטענס קינדער און גלאט ארימע געפאלענע יודען, וואס קוקען ארוים אויף דעם טאג פורים א גאנץ יאהר.

דער טאג פורים — דאס איז זייער מארקטאג, זייער יריד.

איינער פון די גרעסטע מנשה'ס קאנקורענטען איז געווען פיני דער אלמנה'ס מיט די קרומע פיס.

א קאנקורענט מיט קרומע פיס איז אפילו ניט אזוי געפעהרליך ביי אזא איין ארבייט, וואו די פיס שפיעלען די גרעסטע ראלע, ובפרט פאר מנשה'ן, וואס האט מיט איין שפאן געקאנט אריבערשפאנען דריי אזעלכע ווי פיני דער אלמנה'ס.

נאר דווקא אט די קרומע פיס, וואס ביי פיני'ן, זענען געווען פאר מנשה'ן א שחיטה.

ניט איין מאל האט מנשה געזאגט צו פיני'ן:

אויף מארגען אין קעלער־שטוב איז פינסטער און פייכט.

דאס ווייבל האט זיך אויפגעהויבען אויפ'ן בעט און זיך אנגעשפארט מיט א האנט; געבען איהר אויפ'ן בענקל שטעהט א גלאז ווארעמע מילך, וואס שלום האט פון קרעמל געבראכט. דאס יונגעל לויפט ארום אין שטוב, אין האנט האט ער זיינע „שלח־מנות": א צוקערנעם המן אויף דער תליה און א האהן, מיט א קיכל, אין דער צווייטער האנט האט ער א גראגער. דאס אלעם האט ער ערשט בעקומען, דער טאטע האט געבראכט, אמאל קלאפט ער מיט'ן גראגער און אמאל פערקוקט ער זיך אויף די שלח־מנות, לאנג, לאנג, קוקט ער אויף דעם און קאן זיך ניט אנזעטיגען.

ארום דעם ווארשטאט זיצט דער אלטער פון איין זייט און שלום געגענאיבער.

— קום אהער, נחמנ'קע,—רופט צו דער אלטער דעם יונגעלע — נא דיר א שטיקל המן־טאש, געניס פון פורים.

דאס יונגעלע געהט צו, ער נעמט עס אין האנט און לויפט באלד צו דער מוטער.

— מאמע, דו ווילסט? מיט... מיט...

דאס יונגעלע ווייסט נאך ניט, ווי אנצורופען די קליינע שווארצענקע גרייפעלעך, וואס ער זעהט אין דער „חלה"...

— מיט מאהן... — זאגט די מוטער שוואך — דאס איז זיס, עס, זונעלע...

שלום האט פון א קליין פלעשל א זיפ געגעבען אביסל בראנפען, און באלד האט ער די אויגען פערשטעלט. ער האט זיך געשעמט פאר זיינע מחשבות, און ער האט זיך געשעמט פאר זיין בראנפען־טרינקען.

— איהר וועט נעמען אביסעלע? — פרעגט ער ביי דעם אלטען.

— איך דארף דאס ניט, — מאכט דער אלטער — נעמט איהר נאך אביסל, איהר זענט יונגער... אביסעלע בראנפען איז גוט אמאל — פון צרות...

— אי צרות! — שרייט אויס פלוצלינג שלום, און נעמט נאך אביסעלע פון פלעשל.

— מען דארף פון דעם ניט דענקען און ניט טראכטען, — זאגט דער אלטער — אז איך געה ארום, קלער איך גאר נישט, איך צעהל נאר די טריט מיינע: איינס, צוויי...

שלום שמייכעלט און זיפט אב נאך אביסעלע פון פלעשל, זיפט אב צו ביסעלעך און ווערגט זיך מיט דעם...

— נעכטען האב איך כמעט געפאסט, — דערצעהלט דער אלטער, עסענדיג — אהיים בין איך געקומען שפעט שוין ביי נאכט, א פערמאטערטער, איך האב גאר ניט אכטונג געגעבען, צי איהר זענט שוין אין דער היים געווען...

שלום האט נאך א זיפ געגעבען פון פלעשל.

— איך בין אזוי פערמאטערט געווען, אז איך האב מיך באלד שלאפען געווארפען, — לעגט צו דער אלטער — איך מאך מיר היינט די סעודה מיינע, ווי אין שושן...

שלום האט זיך צעלאכט, ער האט וואס אמאל שטארקער געלאכט. ער האט ניט געקאנט זיך שטילען.

איהר לאכט, — מאכט דער אלטער — דאס לעבען אין גאנצען איז נאר א געלעכטער...

— איך האב מיך דערמאהנט, — הויבט אן שלום און צעלאכט זיך ווידער.

אין א ווייל'ע ארום שטעלט ער זיך אויף און זינגט אויס:

„רבי מרדכי, רבי מרדכי,
וואו איז אייער דירה?
איך וועל דינגען המנ'ס הייזל,
וואס אין שושן־הבירה..."

---

— דו ווייסט, קריוואק, (אזוי האט איהם מנשה גערופען), דו ווייסט? איך בין דיר מקנא אויף דיינע פיס.

— געפונען וועמען מקנא צו זיין! האט איהם געענטפערט פיני און האט בעהאלטען די אויסגעבויגענע ביינעלדיגע פיס אונטער זיך.

— ווען איך האב דיינע פיס — האט איהם מנשה געזאגט און האט פארריוויכערט א „ציגאַיער" פון א צונויפגעדרעהט שטיקל פאפיר מיט עטליכע שטיקלעך טיטון — ווען איך האב דיינע פיס, פארשפאר איך אזוי צו הארעווען, איטליכער האט אויף מיר רעמאלט רחמנות און איך לעב מיר ווי גאט אין אדעם!

— ווי גאט אין אדעם, חע—חע? — זאגט צו איהם פיני און שטעלט ארוים מיט גדלות איין אויסגעבויגענעם פיסל, וואס האט א פנים פון א האלבען ביינעל — און ווען איך האב דיינע פיס...

— וואס זשע וואלט געווען, קריוואק?

— איך ווייס שוין וואס סע וואלט געווען! גיב מיר א ציה טהון פון דיין „ציגאַיער", מנשה!

— ביזט ניט קראנק קויפען קיין טיטון, קריוואק, ביזט דאך אנגעשטאפט מיט געלד! — זאגט צו איהם מנשה און גיט איהם א ציה טהון פון זיין „ציגאַיער".

— אנגעשטאפט מיט געלד, חע—חע? זאגט פיני און בעהאלט צוריק דאס פיסל. — איך דארף אויסהאלטען א מאמע אין אלמנה, און דו ביזט א פריי פייגעלע.

— חוץ דיין שאדען אויף מיר געזאגט געווארען! — זאגט מנשה, פארציהט זיך מיט'ן „ציגאַיער" און לאזט ארויס דעם רויך פון ביידע נעזלעכער פון דער נאז.

ב.

מנשה דער בחור און פיני דער אלמנה'ס זענען ביידע בית־המדרש בחורים.

בית־המדרש בחורים הייסען ניט דוקא איעלכע וואס זיצען אין בית־המדרש און לערנען.

בית־המדרש בחורים הייסען אויך אזעלכע, וואס האלטען זיך גלאט אויף אין בית־המדרש, וואס וואלגערען זיך אין בית־המדרש.

דאס זענען עלענדע, פארבלאנזשעטע, צונעשלאגענע פריבלודנע נפשות, אזעלכע וואס קיין פארשריבענע ארעמע לייט זענען זיי ניט, איבער די הייזער חלילה נעהען זיי ניט, נאר זיי רייבען זיך ארום די, וואס לערנען אין בית־המדרש, פאלגען א גאנג, הייצען די הרובע, זענען תמיד דא ביי א יאהרצייט, ביי א סיום התורה, ביי א חתונה, אדער חלילה ביי א רייכער לויה.

בעטען, בעטען זיי ניט, נאר מע גיט זיי אליין.

זיי פארדיענען זיך זייער שטיקעל ברויט: איינער מיט זיינע געזונדע פיס, דער אנדערער — מיט זיינע קראנקע פיס, פאר רחמנות.

דארטען וואו מנשה לויפט זיך אן דעם גאנצען טאג און עס קומט צום באצאהלען איהם פאר דער ארבייט, וואכסט אויס פיני מיט

— נו, טאקי, — מאכט דער אלטער — אונזער דירה איז אין שושן הבירה...

— איך בין שוין עד־דלא־ידע... — שמייכעלט שלום — איך בין אויך א שושן'דיגער...

דער אלטער הויבט אפילו ניט דעם קאפ, ווי עס אינטערעסירט איהם גאר ניט, ער זאגט זיך שטיל ווי פאר זיך:

— פריהער צי שפעטער — אלע פערגעסען דאס, וואס מען וויל ניט געדענקען... ווער עס פערגעסט אין בראנפען, און ווער עס פערגעסט פשוט — אהן קינצען...

— טאטע, וועמען קלאפט מען דאס? — פרעגט דאס יונגעלע.

— ה־מ־נ'ען... — צעלאכט זיך דער טאטע — גיב אהער אוויילע!...

און ער נעמט ביי דעם קינד דעם גראגער, און ער קלאפט מיט א גערעש, און לאכט אימה'דיג.

די פרוי האט זיך אבגעווארפען אויפ'ן בעט, זי האט צוגעמאכט די אויגען און שטיל געזיפצט.

אין קעלער־שטוב איז פינסטער און מרה־שחורה'דיג.

ליפמאן־לעווין.

---

# א פורים־יוד.

געוועזען איז אין שטאדט א מענטש, גערופען האט מען איהם מענדיל פורים־יוד.

אין אמת'ן איז מענדיל געוועזען נישט בלויס א פורים־יוד, — אלע ימים טובים זענען נאר פאר זיינעט וועגען געמאכט געווארען: יודען זענען נאר דורך דעם פון מצרים ארויסגעגאנגען, כדי מענדיל זאל האבען מצות צו רעדלען. גאט האט נאר יודען די תורה געגעבען כדי מענדיל זאל גרינס פון וואסער ארויסרייסען. סכות—יודען מיט סכך צו פערזארגען, הושענה רבה — מיט הושענות. קומט חול המועד געהט שוין מענדיל ארום בעהאנגען פון קאפ ביז פיס מיט פענער, חנוכה— דריידעלעך, ל"ג בעומר — פאלען־בויגענס, א. ז. וו.

און קיינער חוץ מענדיל פורים־יוד האט נישט דאס רעכט מיט די דאזיגע זאכען צו האנדלען. א מאנאפאל האט ער אויף דעם.

מילא פערשטעהט מען דאך אליין, אז פורים קעהר אין גאנצען צו מענדלען. אכט טאג פארדעם, ר' מענדיל האט שוין צו טון מיט מגלות, דרייערס צו מאכען, המן־קלאפערס. אין די גאסען פון דער שטאדט פלעגט ער ארום געהן, אין איין האנט א דרייער און דרייען, אין דער צווייטער האנט א המן־קלאפער און קלאפען, יודישע קינדער רינגלען איהם ארום ווי די ביהנען און געבען איהם אוועק די צוויי־ערס, וואס זיי האבען זיי מיט די טרערען פון די אויגען אויסגעבעטען ביי די מוטערס.

פורים ביי טאג טראגט מענדיל א טעלערל איינגעוויקעלט אין א רויט טיכעל אין די הייזער ארום, קומט אריין. "גוט פורים! דעקט אויף דאס טעלערל און טראגט צו א קיכל. דער בעל הבית נעמט ארויס אפאר גראשען און שטעקט איהם אין האנד אריין: א גוטען פורים"— און ער פערלאזט די שטוב.

פורים אויף דער נאכט—זיין חברה פורים־שפילער, עס קלינגט מיט זיי אין שטעדטל.

די חברה פלעגט קיין גרויסע קאסטען אויף דעקאראציאנען נישט אויסגעבען, יעדער האט געטראגען זיינע וואכענדיגע מלבושים, די קאפאטעס איבערגעדרעהט אויף די לינקע זייט, א רויטען פאס פאפיר איבער'ן אריעם, דאס פנים רויט אבגעפארבט, א פאפירענעם הוט אויפ'ן קאפ. איז געוועזען אוים געקלעבט מיט גאלד־פאפיר אויפ'ן הוט "שאול המלך", איז ער געוועזען "שאול המלך", איז געוועזען אויפ'ן הוט אויסגעקלעבט "דוד המלך" איז ער געוועזען "דוד המלך" און אזוי ווייטער.

---

די קרומע פיס און שטעלט זיך אנידער ביי דער זייט אהן ווערטער און קוקט אין די אויגען אריין.

— מע דארף איהם אויך עפיס געבען—זאגט מען — א רחמנות, נעביך א קאליקע.

מנשה שווייגט, נאר פארדריסען פארדריסט דאס איהם.

— אט א בר־מזל! — טראכט ער זיך — נישט געטאן פון דאנען אהין און גענומען כמעט גלייך מיט מיר — אויסקרענקען זאל ער דאס!

און פיני שווייגט, קלויבט א גראשען צו־ג־אנראשען.

— דו באדארפסט שוין האבען א מטמון מיט געלד! — זאגט צו איהם מנשה.

— א ממון מיט געלד? — חע־חע־ ענטפערט איהם פיני מיט א קרום געלעכטערל.

— דו וואכסט דאך איין אדיר! — זאגט צו איהם מנשה.

— איין אדיר? חע—חע—ענטפערט איהם פיני מיט'ן זעלבינען גע־לעכטערל.

— וואס וועסט דו טהון מיט אזוי פיל געלד, דו קריוואק איינער?

— אזוי פיל געלד? חע—חע! ענטפערט איהם פיני אלץ מיט יענעם געלעכטערל, וואס סע גליסט זיך איהם דערפאר אנשפייען אין פנים, אדער אראפלאזען אפאר פעטש.

— גלאט, סע גליסט זיך מיר ניט פאטשקען די הענט — זאגט מנשה — ווייטער וואלט איך דיר אביסל דורכגעקערען די ביינער.

— אנו פרוב נאר! — זאגט צו איהם פיני און שטעלט ארויס זיינע ביינעלדיגע פיסלעך.

פיני ווייסט גאנץ גוט, אז מנשה וועט זיך אפילו נישט צוריהרען צו איהם, ווארום מנשה האט שוין איין מאל געחאפט איבער איהם א רעכטען פסק.

ער האט איהם איין מאל גענעבען א שטופ פון זיך, האט זיך פיני איבערגעקעהרט דריי מאל מיט די פיס ארויף, איז אנגעפאלען אויף מנשה'ן דאס גאנצע בית־המדרש, איהם געוואלט דורס זיין.

— דו שיינעץ, דו הולטיי, דו רוצח! א קאליקע, א צער־בעלי־חיים נעמסט דו און שלאגסט איהם!?

פון דעמאלט אן ריהרט זיך מנשה צו איהם נישט צו מיט קיין פינגער, נאר פיינט האט ער איהם, ער קאן איהם נישט אנקוקען!

ער האט איהם פיינט פאר זיינע קרומע פיס, פאר זיין קרום פנים און פאר זיין קרום געלעכטערל: חע־חע!

ער האט איהם פיינט פאר זיין קמצנות, פאר זיין קלויבען געלד, פאר זיין בעהאלטען זיך.

מנשה איז ניט אזעלכער, וויפיל ער האט זאגט ער, און וואס ער פארדיענט פארלעבט ער.

מנשה האלט פון דער אכילה, האט ליב א נאשעריי, א ציגאר־טיטון.

דערטאפט ער עטליכע גראשען, קויפט ער באלד ברויט מיט

דער ריכטיגער העלד איז געווען מענדיל פורים-יוד אליין. ער איז גערייטען אויף א שטרויענעם זאק. פון דעם זאק האט זיך ארויס־געצויגען זיין ווייבס זאק אנגעפולט מיט זאמד—א האלז האט עס גע-הייסען. און די זאק איז געווען בעפוצט מיט א שייטעל, מיט קלינפער-לעך בעהאנגען, דאס האט געקאנט זיין א פערד אדער איין אייזעל.

גוט איינקוקענדיג זיך אין מענדיל פורים - יוד'ס פנים האט מען געקאנט בעמערקען. אז גאט ברוך הוא האט זיך דא נישט קיין שטארקע מיה געגעבען אבצוטאקען, און אויסצוגלייכען, אז די אלע אברים זאלען זיין צוזאמענגעשטעלט פון איין מענש. עפים אלץ איז געווען צוזאמען געשטיקט, פון פערשידענע נישט פאסענדיגע מענשען.

---

לאנג איז מענדיל פורים־יוד געווען א בחור און עס האט איהם קיינער נישט אויסגעחאפט אפילו מיט אלע זיינע מלאכות. און שלאפענדיג אליין אין קאסטען שמות, וואס שטעהט אונטער'ן אויבען אין בית-המדרש, פלעגט זיך מענדיל פורים-יוד טיילמאל ביי נאכט אויפחאפען, זיך ארומקוקען אין דער פינסטער, און קרעכצען: רבונו של עולם, ווי לאנג נאך!...

דער פייף פון דעם ווינט אין די פענסטער פון בית־המדרש האט איהם אויסגעלאכט, און מענדיל פורים־יוד האט זיך ווייטער איינ-געהילט אין זיין פאלטא, איינגענארעט זיך אין שמות און ווייטער געלעגען.

ביי נאכט, אז עס איז קיינער אין בית־המדרש נישט געווען, פלעגט זיך מענדיל פורים־יוד ארוים חאפען פון קאסטען שמות צו דעם שמש קעסטעלע און ארויסגנב'נען דעם חזנ'ס טלית, איהם זיך אנמעסטען און א נידערשטעלען זיך אויבען אן, ביי דער מזרח־וואנט, אויף א שטאדט, ער שטעהט, אנגעלעהנט דעם קאפ אויף ביידע הענט, ווי ר' חיים אשר'ס טוט און קלערט...

אונטער איהם שטעהט דער עולם, ער איז א בעל הבית אין שטעדטל און שטעהט זיך אויף זיין מזרח־שטאדט...

דאך איז געקומען אמאל די צייט, וואס גאט האט דערהערט זיין שטיל געוויין, און מענדיל פורים-יוד האט זיין זווג געפונען.

א סך יאהרען פלעגען די „חברה" שפילען אחשורוש. מענדיל, פערשטעהט זיך, איז געווען אחשורוש אליין: נטע וואסער-טרעגער — זיין ווייב, די קעניגין, און פון די קעניגינס בגדי מלכות האבען זיך א פאר גרויסע גראבע שטיוועל ארויסגעוויזען, און די קעניגין האט געזאגט צום קעניג מיט איהר גלאטיקע, זיסע שטימע: איך קום צו בעטען פאר מיר, און פאר מיין פאלק.

— מיין לעבען, מיין נחת, האט איהר דער קעניג אב געענטפערט, זאג וואס די ווילסט, דיין פערלאנג זאל שוין אויף דער מינוט ער־פילט ווערען.

מאכט זיך א מעשה נטע וואסער־טרעגער פערגליסט זיך יענע וועלט און מאכט דאס עסק... און די חברה בלייבט אהן א קעניגין.

און דאס מאל איז טאקי געווען קעניגין א נקבה, נטע'ס ווייב,

— איהר חלק מוז מען דאך איהר סיי ווי סיי געבען, איין אלמנה, דער מאן האט אזוי געטריי געדיענט,

און ווייל אסתר איז טאקי געווען א נקבה, גיט א בליק אחשורוש אויף זיין אסתר, ותמצא הנערה חן בעיניו, האט די יונג־פרוי געפונען לייטזעליגקייט אין זיינע אויגען און האט מיט איהר חתונה געהאט אויפ'ן אמת'ן...

נאך דער חתונה האבען זיך דאס פאר פאלק גאנץ רוהיג גע־לעבט. מענדיל פורים-יוד פלעגט איהר קוקען אין די אויגען אריין וואס זי וויל. א ווייב, זיין ווייב!... שוין לאנג פלעגט ער פאר איהר בעט שטעהן און קוקען אויף זיין אסתר וואס שלאפט, און דאס הארץ קלאפט אין איהם פאר גדולה און ער רעדט צו זיך: מיין ווייב אט דאס איז מיין ווייב.

---

הערינג אויף אנבייסען, א צוויי קארזשיקלעך מיט מאהן, א געפרוירענעם עפיל, וואס אז ער נעהט אפ פונ'ם פראסט, איז ער דאך טעם גן־עדן; און אמאל טאקי עטליכע באקסערען, מיט א קאנפעקט מיט עטליכע ניסלעך.

דעמאלט זעצט זיך אוועק אקעגען פיני מיט די קרומע פיס און קוקט אין די אויגען אריין און באלעקט זיך. קאן דאס מנשה ניט צו זעהען, טהוט איהם אוואוף א שטיקעל באקסער, א צוויי ניסלעך, ווי מע טהוט א וואוף א הונט א ביינדל:

— נא, קריוואק, ווארג זיך!

נאר מעהר פון אלסדינג האט איהם מנשה פיינט איבער איין אנדער זאך, וואס סע ווערד דערצעהלט אין קאפיטעל ג.

ג.

עוזר דער שמש האט א טאכטער קריינדיל, א מיידל פון אריבער שלושים.

קריינדיל וואלט געווען א שען מיידל, זעהר א שען מיידל, זי זאל ניט געווען קינדרוייז פאקען אדער די פאקען זאלען זיך געווען אויס־שטעהן, און זי זאל זיי ניט געווען אויסרייסען.

נאר מחמת זי האט קינדרווייז געפאקט, און די פאקען האבען זיך ניט אויסגעשטאנען און זי האט זיי יא אויסגעריסען, איז איהר גע־ווארען דאס פנים געשטיפעלט ווי א רעשעטע.

קיין נדן האט עוזר דער שמש אויך ניט געהאט אויף צוגעבען, איז קריינדיל געביך פארזעסען, נישט געווען פאר איהר קיין חתן.

האט עוזר דער שמש געווארפען איין אויג אויף איינעם פון די צוויי בית־המדרש־בחורים, אויף מנשה'ן און אויף פיני'ן.

עוזר דער שמש האט זיך געשלאגען מיט דער דעה, וועמען פון די צוויי זאל ער אויסקלויבען פאר א חתן פאר זיין טאכטער קריינדיל.

מנשה איז א געזונטער יונג א הארעפאשנע, איז ער אבער א גאר נישט מיט א נישט, אנאשער, איין אויסברענגער; און פיני איז א שטילער בחור, איין איינגעהאלטענער, היט אפ א גראשען, איז ער אבער א קאליקע.

ביי עוזר דעם שמש איז דער גורל געפאלען אויף פיני'ן, די שמש'טע האט אויך געהאלטען בעסער פון פיני'ן, דערפאר וואס פיני פלעגט זי „פאלגען א נאנג", העלפען ערב שבת ארויסטראגען די פאמעניצע, ברענגען זאמד פון אונטערען בארג וואס ביים בית־המדרש און פאר־שמירען טשאלענט.

מנשה פלעגט איהר אויך העלפען איין ארבייט, און וואס מנשה האט אפגעטהון אין דריי מינוט, האט דאס פיני נישט געקאנט אפטהון אין א טאג; איז אבער דערפאר מנשה א גרויסער עזות־פנים; אז מע זאגט איהם: „אנו, טראג נאר אריין אינמיטענע איין עמער וואסער"; ענפערט ער: „און אליין זענט איהר קליין?"

דערפאר האט אבער קריינדיל מעהר געצוינען צו מנשה'ן ווי

קוקט ער זיך אום, זעהט ער ווי דער שאטען אויף דער וואנט שאקעלט זיך אויך, און מאכט מיט איהם: מיין ווייב, אט מיין ווייב.

פערקרומט ער די ליפען און שמייכעלט: איך, מענדיל פורים־יוד האב א ווייב, איך זאל אזוי לעבען...

און דאס פאר־פאלק פלעגט זיך לעבען גליקליך, אויסער די יום־טובים'דיגע געשעפטען פלעגט ער נאך אין א טלית־קטן ציצית אנמאכען, אדער גלאט אזוי א יום תהלים פאר חולה ארייננחאפען, און דער גאט וואס געהערט דאס ווערימל אין דער ערד, האט נישט פערגעסען זיינע ווערימלעך, וואס קריכען ארום אויף ד'ערד.

---

אזוי ווי מען האט אויבען געזאגט, איז מענדיל פורים־יוד זעהר גליקליך געווען, וואס גאט האט איהם געבענשט מיט א ווייב... און נאך מעהר גליקליך איז ער געווען, זיצענדיג שבת ביי נאכט ביי זיין טישל, איינער אליין, אויבען אן, קוקט ער זיך אום, ער איז דא בעל־בית, בעל־בית פאר זיך, אט לעבען איהם זיין פלונית'טע, די בעל־בית'טע.

און א בעל־הבית צו זיין פלעגט מענדיל פורים־יוד האפען שוין פון גאר לאנג. דאס איז זיין שטילער סוד געווען...

דורך דעם האט ביי זיך מענדיל פורים־יוד אבגעמאכט, אז דעם היינטיגען פורים, דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה וועלען זיי נישט ארומגעהן מיט די פורים־שפילער, א בעל־בית פאר זיך, וועט ער זיך זיין איינגענעם פורים אבלעבען, זיצען אין דער היים מיט זיין מלכה. חאטש דאס ערשטע יאהר בעדארף זיך א יוד צו פרייהען מיט זיין פאמיליע, אפילו אין מלחמה געהט אויך נישט א יוד דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה.

אסתר איז אויף דעם בעשטאנען, נאר מיט דעם תנאי, אז ער זאל מיט זיי, מיט "חברה" צוערשט אבמאכען, אז נאר בלויס דאס היינטיגע יאהר וועט ער נישט מיט שפילען, כדי ער זאל חלילה די חזקה נישט אנווערען...

---

פורים אויף דער נאכט האט אסתר אנגעגרייט צום טיש, בעדעקט דעם טיש, אויף געשטעלט די צוויי לייכטערלעך, א טעלערל ארבעס, א חלה מיט א הערינג. איהר ברודער זרח טרעגער האט געשיקט משלוח־מנות, א פלעשל ביער מיט א פאמעראנץ. אב שיקען האט מען נישט געדארפט, דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה...

מענדיל פורים־יוד זיצט ביים טיש אויבען אן, עסט טרינקט און גלעט זיך די בארד מיט נחת, מיט א גלעכטערל, ווי א נגיד. אסתר, די מלכה, ביי דער זייט, קוקט און דאס הארץ קוועלט אין איהר פאר נחת. פלוצים קומט איהר אויפ'ן זינען, נטע, איהר געשטארבענער מאן, ער עליו־השלום... וויל זי קרעכצען, דערמאנט זי זיך באלד, איין אשת איש, מען טאר נישט קלערען פון ערשטען מאן...

און מענדיל זיצט, ער וויל ווערען פרייהליך, טרינקט ער אויס דאס פלעשל ביער, זיצט ווייטער, עס הייבט זיך גאר נישט אן...

דער וויל ווערד פינסטערער, פורים אויף דער נאכט, אסתר ציגד אן דאס פערדרייכערטע לעמפל.

און פון דער גאס רייסט זיך אריין דאס געשריי פון די יונגען. די חברה פורים־שפילער מאכען דאס יאהר, זאגט מען, גאר גרויסארטיג.

און מענדיל זיצט, ער דערמאנט זיך די גרויסע סאלאנען, ער געהט אנגעטון אין בגדי מלכות, א פאפירענעם הוט אויפ'ן קאפ, מיט א בלייערנער שווערד און רייט אויף איין אייזעל, שאול המלך איז ער. פאר איהם געהט פאראויס זיין "לייב בעדינטער", יאסקע שוסטער און רופט אויס: מאכט פאראד, דער קעניג געהט, דער קעניג געהט, און אט בעוויזט זיך דער קעניג, ער מענדיל, מען גיט איהם א זעץ א נידער פון אויבען אן, דערנאך פיהרט מען צו איהם אריין זיין מלכה, אסתר המלכה!

---

צו פינין מ'ט די קרומע פים — און ס'איז גאר קיין חדוש ניט: דער איז פארט א יונג מיט ביינער און יענער — פארט א קאליקע.

דער "קאליקע" האט אבער נישט געדרומעלט; ער האט אנגעווענדט אלע זיינע כחות, ער זאל אויסנעמען מעהר פון מנשה'ן.

ערשטענס האט ער זיך תמיד געדרעהט פאר די אויגען, פלעג זיך טיילען מיט לעקעך נאך א חתונה, אלע מאל אויסלייהען דעם שמש און דער שמש'טע עטליכע גראשען אינטער א שבת; אפנעמען און ווייטער אויסלייהען.

אינטער א יום טוב, אז מע האט בעדארפט האבען נייטיג אויף זיך טאקי פון קריינדיל'ס וועגען, האט פיני אויסגעליגען א קערבל אדער צוויי אויף אויסצאהלען.

בקצור פיני האט זיך "איינגעקויפט" צום שמש אין שטוב אריין, אריין מיט די פים אין הארצען, און איז געווארען א היימישער מענש.

מנשה האט דאס געוואוסט און עס האט אין איהם געברענט א פייער. מנשה האט אליין געהאט איין אויג אויף קריינדלין, און קריינדיל אויף מנשה'ן, און סע קאן זיין, זיי האבען זיך אפשר געגעבען איינס דאס אנדערע דאס ווארט, ווער קאן דאס וויסען?

אפשר האבען זיי זיך אמאל דורכגעווארפען מיט אפאר ווערטער, בשעת די פאמיניצע ארויסטראגען?

— ער קריכט נאך אלץ, דער קריוואק?

— לאז ער קריכען, ווער הערט איהם?

— און דער טאטע דיינער? און די מאמע וואס וועלען ז י י זאגען?

— געזונדערהייד; לאזען זיי זיך מיט איהם האלטען!...

און אפשר האבען זיי זיך אין א ליכטיגער נאכט, זומער איז דאס געווען, ביי דער שיין פון דער לבנה באגעגענט, כלומר'שט אומגערעכט אין שול הויף און האבען זיך צערעדט און האבען זיך נעקוועטשט איינס דאס אנדערע פאר די הענט, און קריינדיל'ס אויגען האבען געבלישטשעט, און דאס געשטיפעלטע פנים האט געשיינט, און די הענט זענען איהר געווען הייס ווי פייער?

— וואס איז ביי דיר אזא ווארעמע האנט, קריינדיל?

— פאר וואס זאל זי זיין קאלט, מנשה?

— וועסט זיין מארגען אין דער צייט אט דא אויפ'ן איינענעם ארט?

— פאר וואס ניט?...

און אפשר האבען די נאכטפויגלען מיט די פלעדערמייז פון מאזעפעווקע געהערט א קוש אין שוהל־הויף, א שטילען קוש און האבען נעמאכט א שוויינ? און די שטערען מיט דער לבנה האבען געזעהען א בחור מיט א מיידיל אין שול הויף האלטען זיך פאר די הענט, און האבען געמאכט א שווייג?...

ערב זיין קאן איך אייך ניט; עפים איז דארטען געוועזען, ווארום פיני האט אנגעהויבען שטארק נאכקוקען נאך זיין חבר מנשה. און מנשה האט געטראגען א שנאה אויף זיין חבר פיני טיעף פער־

און די טארטען אויפ'ן טיש, ווייז, מען דערלאנגט איהם, דער קעניג טרינקט...

און דער נאך המן. דער קעניג בעפעהלט: מאכט מיר א תליה, פופציג איילען זאל זי זיין הויך, און הענגט מיר דעם הונט אויף דער תליה אויף.

און אט הערען זיך די געשרייען, דאס געסל לעבט, די חברה געהען...

און מענדיל דערהייבט זיך פלוצלינג פון דעם בענקל, א שטעל זיך א נידער. אריינטוענדיג די הענט אין די הויזען־קעשענס.

— מיין קעניגין — גיט ער א זאג צו זיין אסתר — זאג מיר וואס דיין פערלאנג איז, א האלב קעניגרייך געב איך דיר אוועק...

דערווייל ווארפט ער א בליק אויף די צוויי ארימע צעבראכענע בעטלעך, וואס שטעהען אין שטוב און דער טיש הינקט צו...

און זיין קעניגין אסתר שטעלט זיך אויף, בייגט זיך מיט דרך־ארץ פאר'ן קעניג און זאגט:

— אויב דער קעניג וויל און אז עס איז גוט אין זיינע אויגען, זאל ער אזוי גוט זיין, און קומען אויף דעם גרויסארטיגען באל, וואס איך, דיין דינסט־מויד האב אנגעגרייט פאר דיינעט וועגען.

דערווייל ווארפט זי א בליק אויפ'ן טיש: דאס פלעשעלע ביער איז שוין לאנג אויסגעטרונקען, די פאמעראנץ אויפגעגעסען, מענדיל לעקט די שאל, די פאר ארבעסען אין טעלערל זעהען אויס ווי וויסטע יתומים...

און פון דרויסען הערט זיך דאס לארעם, יונגען לויפען, מען שרייט, די חברה געהען. — — —

ש. א ש.

---

# די צוויי שוועסטער.

(ערצעהלונג).

צו דער ארימער חייענען פלעגט די רייכע שוועסטער, זעלדע, זעלטען קומען, דערפאר אבער, אז זי פלעגט שוין א מאל קומען, איז ביי דער ארימער חייענען אין שטוב קענטיג געווארען: די רייכע שוועסטער האט שטענדיג עפים א מתנה געבראכט. א מאל א שטיקל סיץ אויף א קליידל, א מאל א פאר אבגעטראגענע שוך פאר די קינדער א מאל איין עסען־ווארג, און א מאל א מזומן קערבל...

אז זעלדע פלעגט קומען, פלעגט די ארימע חייענע פון אנפאנגס צעטומעלט ווערען. אויף איהר געזיכט פלעגט זיך אויסגיסען א פרייד און א שרעק צוזאמען און די אויגען, די טיפע איינגעגראבענע אויגען, האבען דאכט זיך געלאכט און געוויינט צוזאמען...

— ס'א בזיונות אביסל! פלעגט חייענע קוים צו זיך קומען — איך זעה אוים, ווי דער שווארץ־יאהר!

און חייענע פלעגט אראברוקען נידריגער דאס טיכל אויפ'ן שטערען און א וויש טון מיט די הענט דאס פנים און פלעגט בלייבען שטעהן אהן ווערטער...

— פאר וואס בעטסטו ניט זיצען! פלעגט שוין חייענען פון פערלעגענהייט דער מאן וועלען ארוים נעמען...

— וויים איך... פלעגט חייענע פערשולדיגט ענפערען, ווארפענדיג א בליק איבער'ן שטיבל — עס איז ברוך השם ניטא וואו — א הקדש...

— ניין! ניין! פלעגט זעלדע ענפערען — איך האב קיין צייט ניט. איך וועל באלד געהן. וואס מאכסטו עפים חייענע?...

— מען מוטשעט זיך... וואס זאל מען מאכען. „ער" זיצט א גאנצען טאג אין שטוב און גיט נישט א קלאפ א פינגער אן א פינגער...

דער מאן פלעגט כעס'דיג א ברום טון און גאר נישט ענפערען און חייענע, קומענדיג שוין צו זיך, פלעגט אנהייבען רעדען און רע־

---

בארנען ביי זיך אין הארצען, און פורים, בשעת אונזערע צוויי בית־המדרש בחורים האבען זיך באגעגענט מיט די שלח מנות'ן אין דער בלאטע האט זיך די שנאה ארויסגעוויזען און ס'איז פארגעקומען צווישען די צוויי אזא מין סצענע.

ד.

— אנו ווייז נאר וויפיל האסטו היינטיגען טאג געמאכט פונ'ם שלח־מנות טראגען? — אזוי האט זיך אנגערופען מנשה צו זיין חבר פיני.

— נו, און דו ווי פיל האסט געמאכט? — זאגט צו איהם פיני און האפט זיך מיט דער האנט ביי דער קעשעני.

— א פאר קערבלעך — זאגט מנשה און באווייזט איהם זיין ביסל מינץ.

— און איך האב געמאכט אסך ווינציגער! — מאכט פיני און ליינגט אריין די האנט אין בוזעמקעשעני און נעמט ארוים פון דארטען א פולע האנט מיט מינץ און מיט זילבער און קוקט דערויף ווי אויף א ליב קינד, א טייער קינד.

פלוצים טהוט איהם מנשה א זעץ איבער דער האנד פון אונטען ארויף — און דאס גאנצע געלד האט זיך ארויסגעשאטען אויף דער ערד אין דער טיפער בלאטע אריין, נישט ארויסגעזעהען זיך איין מטבע אפילו.

ביי פיני דער אלמנה'ס האט זיך ארויסגעריסען פונ'ם הארצען א שרעקליכער אוי מיט א געוויין, א יאמערליך געוויין, און ביי מנשה דעם בחור — א געלעכטער, א ווילדער געלעכטער.

און בכדי די מטבעות זאלען אריין טיפער אין דער בלאטע אריין, האט מנשה מיט די געזונדע פים גענומען טאנצען. לאכען און זינגען בשעת מעשה:

ששון ושמחה!

אור ליהודים!

און פיני האט ניט אויפגעהערט צו יאמערען און צו קלאגען.

— וועה איז מיר! וועה איז מיין וועלט! דאס גאנצע געלד — אפשר דריטהאלבען קערבלעך! דו רוצח, דו גזלן, דו משומד איינער! וואס האסט דו געהאט צו מיר? וועה איז מיר; וואונד איז מיר!...

און פיני איז צוגעפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד, ווי מע פאלט צו צו א טוידטען, ארומגענומען די בלאטע מיט ביידע הענד און געוויינט און געיאמערט:

— וועה איז מיר! וואונד איז מיר! אזא טאג, פון גאנץ פריה אן מיט די קראנקע פים! אפשר דריטהאלבען קערבלעך!...

און מנשה האט ניט אויפגעהערט צו לאכען, צו טאנצען און צו זינגען:

ששון ושמחה!

אור ליהודים!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דען, קלאגען זיך און קלאגען זיך און זעלדע, די רייכע שוועסטער, פלעגט שטעהן און אויסהערען אויפמערקזאם אלע טענות, דרעהענדיג די פרענז פון איהר מאנטעל...

— נו, איך דארף שוין געהן! — פלעגט ענדליך זעלדען נמאס ווערען אויסהערען חייענעס מעשיות — נא, דא וועסטו האבען פאר די קינדער אויף א פאר העמדלעך... טייערע פרעז...

— וואס? איך זאל דיר דאנקען? פלעגט חייענע געריהרט ווערען, צונעמענדיג די מתנה — איך זאג דאך: פרידער גאט דערנאך דו... עס איז ברוך השם...

ביי חייענען פלעגען זיך שטעלען טרערען אין די אויגען. צי פאר פרייד פון דער מתנה, צי פאר צער, וואס זי דארף עס נעמען?... אזעלכע זאכען איז שווער צו וויסען... און זי פלעגט ניט וויסען מיט וואס צו ענדיגען.

— פארט א שוועסטער — זי פערגעסט ניט! פלעגט חייענע נאך זעלדעס אוועקגאנג זיך ווענדען צו די הויזיגע.

— א גרויל נאר! פלעגט דער „מאן", וועלוועל ניט זיין צו פרידען — ווי פיעל מיינסטו איז דאס ווערט? ביי לייטען רייכע שוועסטער...

— ביי לייטען, ביי לייטען! פלעגט חייענע איבערקרימען איהר מאן — דו האסט ווען געזעהען „לייטעז", קבצן איינער?... דו דארפסט דאך נעמען א טארבע און געהן איבער די הייזער...

— שא, שריי ניט אזוי — פלעגט וועלוועל ארויספאלען ביי זיך — וואס האב איך דיר אזוי געזאגט... איך מיין גאר נישט...

— אזוי, מיינסטו גאר נישט! — פלעגט חייענע זיך צעהיצען — איך קאן דיך, איך וויים, דו וואלסט וועלען, אז זי זאל דיר, וואס זי האט אוועקגעבען, דו זאלסט קענען א גאנצען טאג שלאפען..

און חייענע פלעגט נאך דעם א שעה נאכאנאנד רעדען וועגען דער רייכער שוועסטער און דערצעהלען, אז זי איז אלע מאל א גוטע געווען בשעת זיי זענען נאך מיידלעך געווען און ביידע געהאדעוועט זיך ביי'ם ארימען טאטען, פלעגט זי איהר אויך, וואס זי האט נאר געהאט, געבען.

— דערפאר האט איהר טאקי גאט געהאלפען! פלעגט זי אויסלאזען מיט א פרומען זיפץ. — גאט זאל איהר געבען צעהן מאל אזוי פיעל — זי איז דאס ווערט...

און חייענע, וועלכער האט זיך שטענדיג געדאכט, אז זי איז זעהר פיעל שולדיג דער שוועסטער פאר די פיעלע מתנות וואס זי גיט איהר איבער, פלעגט חאטש צאהלען מיט ברכות אונטער די אויגען, ווי זי וואלט וועלען גרינגער מאכען די שווערע משא, וואס לעגט זיך ביי איהר אויפ'ן הארצען נאך יעדער בעקומענער מתנה...

דאך וואלטען די ברכות אליין ניט געווען אין שטאנד צו פערגרינגערען חייענעס הארץ. משטיינס געזאגט, וואס פאר א ווערט האבע איהרע ברכות? איהר מויל איז ניט אזא געבענשטער; א גאנצען טאג שעלט זי דעם מאן, די קינדער און זיך אליין — און ווער ווייסט צי איז גאר איהר מויל מסוגל צו א ברכה?

פערגרינגערען איהר משא פון די בעקומענע מתנות איז בעשטאגען אין איין אנדער זאך גאר. די ארימע חייענע, וואס האט ערנעהרט כמעט אליין דאס גאנצע געזינד, דערמיט וואס זי פלעגט האנדלען מיט די גאסינע „פויערטעס", איז אויך אין שטאנד געווען עפים צו שענקען איין מאל אין יאהר דער רייכער שוועסטער. עס איז געווען א מתנה אפשר ניט אזא טייערע, אבער זעהר איין אנגעלעגטע.

די מתנה פלעגט זי איהר שיקען איין מאל אין יאהר — אסתר תענית — מאהן, אויף המנ'טאשען.

חייענע האט געהאט אין גאס א פויערטע, מיט וועלכע זי האט זעהר גוט געלעבט. און די פויערטע, אנזשע, פלעגט איהר אלע אסיע שענקען א האלבען טאפ מאהן א מתנה.

חייענע פלעגט דעם מאהן בעהאלטען ווייט, ווייט אויפ'ן בוידעם כדי די קינדערלעך, וואס האבען מאהן זעהר ליב, זאלען דערפון ניט דערשמעקען. און מיט א קלאפענדיגען הארצען פלעגט זי, ארויסקריכענדיג אמאל אויפ'ן בוידעם, קוקען אויפ'ן זעקעלע מאהן און טראכטען:

— אסתר תענית!...

מעהר איז זי ניט אין שטאנד געווען צו פארשטעלען זיך. דער געדאנק פלעגט איהר ווי פער'שכור'ען און נאר שטראהלענדיג פלעגט זי אויסריידען הויך:

— אסתר תענית!...

און אסתר תענית אין דער פריה פלעגט זי לאזען אלע ארבייט, ארויסקריכען אויפ'ן בוידעם, מיט ציטערענדע הענט אראפ נעמען דאס זעקעלע מאהן און מיט איין ערנסט בעזארגט פנים פלעגט זי זיך אנהייבען עסק'ן מיט די מאהן...

— אי, מאהן, מאהן! פלעגען די קליינע קינדער זיך צעזינגען און אוועקשטעלען זיך ביי'ם טיש מיט דארשטיגע אייגעלעך.

— אוועקט, אוועקט! פלעגט חייענע פארזיכטיג זיי א וועק טרייבען. דאס איז פאר דער מומע זעלדען — טשעפעט ניט...

דערהערענדיג: „פאר דער מומע זעלדען", פלעגען די קינדער ערנסט זיך איבערקוקען און אפטרעטען אויף א פאר טריט צוריק... דאס

---

אין א קורצע צייט ארום איז געווען אין מאזעפעווקע איין ארעמע חתונה, וואס די שטאדט בעלי־בתים האבען זיך שטארק מתעסק געווען אין איהר; עוזר דעם שמש טאכטער האט גענומען איין ארעם בחור; דער חתן איז א קרומער אויף ביידע פים! דערפאר איז אבער די כלה נעביך נוט מאום, און ניט אזוי מאום ווי געשטיפעלט. בעלי־בתים האבען זיך צענויפגעליינט און געפראוועט דעם שמש א גאנץ פיינע חתונה; געשטעלט ביער און בראנפען אסך און געהוליעט א גאנצע נאכט.

די גאנצע שטאדט איז געווען אויף דער חתונה; נאר איין מנשה דעם בחור האט מען עפים ניט געזעהען.

מנשה איז פון נאך יענעם פורים אן ווי געלם געווארען.

קיינער פרעגט זיך אויף איהם ניט נאך, און קיינעם געהט ער נישט אפ.

איך מיין אז עוזר דער שמש האט איהם ארויסגערויכערט.

און אפשר איז ער אליין אוועק?...



יונגסטע ארים־דאר יונגעלע מיט גרויסע שווארצע אייגעלעך פלעגט זיך גאר בעטען:

— מאמע, וועל ניט נעמען, וועל נאר קוקען... מיינע נאמנות... קוקען...

— נו, קוק, קוק! פלעגט די מאמע ווייכער ווערען...

דערזעהענדיג, אז די מאמע איז מתיר צו קוקען, פלעגען זיך אלע קינדער א שאט טון צום טיש און בעטראכטען די מאהן מיט גרויס חדוש און דרך ארץ...

און חייענע פלעגט אנהייבען מעסטען און מעסטען. איהר געקנייטשטער שטערען פלעגט געקנייטשטער ווערען, די טיפע איינגעגראבענע אויגען פלעגען נערוועז אומלויפען. זי האט ניט געקאנט בעשטימען, פיעל זאל זי לאזען פאר זיך אליין: א האלבע קווארט, צי א קוואטירעל...

— וואס זאגסטו, וועלוועל, עס איז ניט מאוס צו שיקען איהר, נאר אנדערהאלבען קווארט?

— וואס פרעגסטו מיך? פלעגט וועלוועל זיך בלאזען — עס איז דאך דיין שוועסטער — ווייסטו דאך בעסער פאר מיר...

וועלוועל האט שווארצען מאהן ליבער געהאט פאר אלע גוטע זאכען, ליבער געהאט אפילו, ווי מעהרען־צימעס... און הלואי וואלט ער נאר חאטש אביסעלע פערדיענט, וואלט ער געהייסען שיקען "איהר" א קווארט און פאר זיך א קווארט. נאר וואס העלפט דאס ליב האבען? אייז א רימאן טאר גאר נישט ליב האבען...

און חייענע פלעגט נאך א לאנגען ישוב־הדעת לאזען זיך אליין נאר א קוואטירעל און דאס איבעריגע פלעגט זי פערבינדען פאר זעלדען...

שווער איז עס צוגעגאנגען מיט'ן אוועק טראגען. אייגענטליך וואלט חייענע זיך מחיה געווען, ווען זי וואלט געקאנט אליין אוועק טראגען, ווען זי וואלט זיך ניט געשעמט... נאר חייענע האט בשום אופן זיך ניט געקאנט פארשטעלען, ווי אזוי וועט זי דאס אריין און זאגען: איך האב דיר געבראכט א מתנה... ניין, זי וועט עס ניט קענען אויסרעדען... זי וועט זיך צעטומלען און עס וועט זיין א חרפה פאר'ן שוואגער...

און חייענע ווענדט זיך צו די קינדער·

— נו, ווער וויל אוועקטראגען דער מומען זעלדען די מאהן?

— איך! פלעגט איין קינד א שפרונג טון.

— איך! פלעגט א צווייטעס איבערשרייען דאס ערשטע.

— איך! פלעגט א דריטעס זיך איינשפארען.

נאר חייענע פלעגט יעדעס קינד בעטראכטען און געפינען חסרונות.

— ביי דיר איז צעריסענע הייזלעך, עס זעהט זיך דאס הוילע העמד... מאוס פאר'ן פעטער...

— ביי דיר איז א צעריסען קליידעלע...

— דו חאצקעל געהסט אפילו ניט שלעכט אנגעטון, ערשט פאר אכטאגען א פאר לאטקעלעך געלעגט... איך האב אבער מורא, דו קאנסט אויפ'ן וועג אויפעסען... ביזט א נאשער. געדענקסט ווי דו האסט זומער אויסגעזופט א האלבע גלאז זויער מילך...

און חאצקעלע, א יונגעלע פון צוועלף יאהר, הייבט זיך אן שווערען מיט אלערליי שבועות, מיט עולם הבא, מיט די ציצית, אז ער וועט אפילו אויפ'ן זעקעלע ניט קוקען, ניט נאר ניט עסען. און די האלבע גלאז זויער מילך, האט ער געמיינט, אז דאס האט מען איהם געלאזען אויף אנבייסען...

און חייענע שיקט די מאהן מיט חאצקעלען. זי קוקט איהם גוט ארום, פערשפילעוועט איהם די קנעפעלעך, שנייצט איהם אויס די נאז און הייבט איהם אן עקזאמינירען:

— וואס וועסטו זאגען?

— איך וועל זאגען — הייבט אן חאצקעל — און די אייגעלעך גלאנצען — איך וועל זאגען: די מאמע האט אייך געשיקט שלח־מנות...

— משוגע'נער! — דערשרעקט זיך די ארימע מוטער — און די איבעריגע קינדער צעלאכען זיך — משוגע'נער, וואס איז היינט פאר א שלח־מנות?... מ א ר ג ע ן איז דאך שלח־מנות.

— איך וועל זאגען, די מאמע האט אייך געשיקט מאהן אויף המנ'טאשען...

— א, אזוי, אזוי, ווערד חייענע צופרידען .. דו וועסט פריהער זאגען: גוט מארגען! שיין, הויך: גוט מארגען!...

— גוט מארגען! — שרייט אויס חאצקעלע! — און אלע קינדער לאכען זיך פערנאנדער — די מאמע האט אייך געשיקט א מתנה מאהן אויפ'ן המנ'טאשען...

— גוט! גוט! קוועלט אן חייענע ביי דעם ווארט מתנה — חאצקעלע איז טאקי א קלוגער...

און חאצקעלע לויפט ארויס מיט'ן זעקעלע מאהן. אין שטיבל ווערד שטיל. אלע ווארטען אויף עפיס א גרויסע זאך, אלעמען דאכט זיך, אז חאצקעלע וועט קומען צוריק און וועט עפיס ברענגען, אזא זאך, וואס עס איז טייערער פאר אלץ, נאך וואס דאס גאנצע פינסטערע ארימע שטיבל קאן ליכטיג און רייך ווערען...

נאר מעהר אנגעשטרענגט ווארט חייענע אליין. עס איז דאך איהרע מאהן און איהר שוועסטער... וואס וועט זי זאגען?... פאר וואס זוימט ער זיך אזוי לאנג?... דאס הארץ שפרינגט איהר שיער ניט ארויס...

— שא, ער לויפט שוין צוריק! זאגט אן א קינד, וואס קוקט די גאנצע צייט אין פענסטער.

און חאצקעלע לויפט אריין א פריילי‍כער אין שטוב...

— נו? שטעלט אויס חייענע אויף איהם איהרע אויגען.

— אין בין אריין...

— דער פעטער געווען אין דער היים? שלאגט חייענע איבער.

— ניין! האקט חאצקעלע אב פריילי‍ך.

חייענע גיט א זיפץ און טרייבט ווייטער: נו, דערצעהל:

— איך בין אריין, פרעגט מיך די דיענסט: וועמען דארפסטו יונגעלע? זאג איך: איך דארף די מומע זעלדען...

— גוט געזאגט! שיינען חייענעס אויגען פאר גליק, וואס איהר ארים יונגעל איז אזא יחסן...

— די מומע זעלדע איז ארויס, דערצעהלט חאצקעלע ווייטער, באלד וועט זי אריין, זאגט די דיענסט — ווארט. און באלד איז אריין די מומע. "גוט מארגען!" האב איך געזאגט.

— הויך? פרעגט חייענע.

— הויך אויפ'ן קול, זאל איך אזוי געזונט זיין — שווערט חאצקעלע — „גוט מארגען — די מאמע האט אייך געשיקט מאהן אויף המנ'טאשען"...

— פאר וואס האסטו ניט געזאגט: א מתנה?... פרעגט די מאמע, ווי בעליידיגט...

— אוי, איך האב זיך פערגעסען... אוי — אוי! האט חאצקעלע חרטה און קראצט זיך אין פאה.

— נארישע יודענע! ברומט וועלוועל — עס פערשטעהט זיך, אז דאס איז א מתנה ממילא. וואס דארף מען נאך אויסרעדען. א ודאי' אז דו שיקסט איהר מאהן איז דאס א מתנה... „זי" פערשטעהט דעז ניט?...

און חייענע גיט אין הארצען וועלוועל גערעכט און א בערוהיגטע, פרעגט זי ווייטער:

— נו, נו! וואס האט זי געזאגט?

— זי האט צוגענומען און עפיס געשמייכעלט...

— עס האט איהר הנאה געטאן! קוועלט חייענע...

— און האט אריינגעשאטען אין א גרויסער זילבערנער שיסעלע און געזאגט: טייערע מאהן...

— שייך טייערע... בעגייסטערט זיך חייענע — גאלד! היינטיגס יאהר איז גאר ניט צו קריגען אזא מאהן..

— בעדאנק דער מאמען! האט זי געזאגט, דערצעהלט ווייטער חאצקעלע, און זאג איהר, אז איך בעט איהר, זי זאל קומען מארגען צו דער סעודה...

— א שוועסטער, איז א שוועסטער! זיפצט צופריעדען חייענע, קעהרט זיך אום צום פענסטער און ווישט די אויגען פאר פרייד...

---

אזוי האט זיך עס פיעלע יאהרען געצויגען. דאס זעקעלע שווארצע מאהן האט חייענען געמוטיגט, געגעבען שטאלץ: זי, ארימע דערשלאגענע פרוי איז אויך אין שטאנד צו שענקען. און וועמען? איהר רייכער שוועסטער... פאר די אפטע מתנות, וואס זי נעמט פון איהר, קעהרט זי איהר אום חאטש איין מאל אין יאהר א מתנה...

און חייענע איז גליקליך דערמיט געווען.

נאר די ארימע פרוי האט דאס גליק פלוצים פערלאהרען און זי האט, דערפיהלט. אז איהר וועלט איז שוין פערשפיעלט, זי האט שוין ניט אויף וואס צו האפען — איהר שוועסטער, וואס לעבט און איז רייך איז פאר איהם אבגעשטארבען,

עס איז געוועזען אסתר תענית. די ארימע חייענע האט, ווי אלע מאל, מיט א קלאפענדען הארצען פאר פרייד דאס זעקעלע שווארצע מאהן אראב גענומען פון בוידעם, געמאסטען און געמאסטען, געקלערט און געקלערט, ווי פיעל זאל זי פאר זיך לאזען: א האלבע קווארט, צי א קוואטירעל און קוים מיט דער הילף פון די צעהנדליגער קנייטשען אויפ'ן שטערען, האט זי בעשלאסען, ווי אלע יאהר, אז פאר זיך וועט זיין גענוג א קוואטירעל — און האט עס אוועק געשיקט מיט ברוכ'קען, ווייל חאצקעל איז גראד דאס יאהר געגאנגען אהן שטיוועלעך און ברוכ'קען האט אבגעגאלטען: די אלטע שטיוועלעך וואס די מומע האט געשאנקען, זענען פונקט געווען אויף זיין „פוס".

מיט א קלאפענדען הארץ, ווי אלע יאהר און נאך מעהר ווי אלע יאהר, ווייל חייענע האלט שטארק, אז א הארץ „זאגט" — האט זי ערווארטעט זיין קומען. וואס פאר א בשורה וועט ער ברענגען, וואס האט די שוועסטער געזאגט?...

און אט איז אריין ברוך מיט'ן זעקל מאהן צוריק... א דערשלאגענער, פערשעמטער, האט ער זיך אוועק געשטעלט און ניט געקאנט א ווארט אויס רעדען...

— וואס ביסטו ניט געגאנגען? האט חייענע בייז געפרעגט

— איך בין שוין געוועזען... האט ברוכ'קע קוים געענטפערט.

— ניטא, זי אין דער היים? האט חייענע ווייטער געפרעגט...

— אין דער היים איז זי...

— נו?... האט חייענע אויס געשטעלט די אויגען...

— זי זאגט, אז זי האט שוין!

— וואס ביזטו, משוגע? רעד! איז חייענע ווי צעמישט צוגעגאנגען נאהענט צו איהם און אנגעהויבען צו טרייסלען...

— וואס ווילסטו? האט זיך דאס יונגל פערנאנדער-געוויינט — וואס בין איך שולדיג, אז „זי" האט שוין?...

— פון וואנען? וואס? וועה איז מיר? וואס טוט זיך דא היינט מיט מיר? פון וואנען האט זי?...

— איך בין אריין — דערצעהלט ברוכ'קע פערוויינט — זאג איך: די מאמע האט אייך געשיקט מאהן... זאגט זי: איך האב שוין... איך האב גאר פערגעסען, וואס די מאמע שיקט מיר אלע יאהר. איך האב נעכטען געקויפט ביי חייענע דער אלמנה א גאנצען האלבען טאפ פאר א האלבען רובל... נעם עס צוריק. דער מאמען וועט עס צונוץ קומען...

— זי האט שוין! האט חייענע הויך אויסגעשריגען.

און אין שטיבל איז שטיל געווארען, ווי עמיצער וואלט עפיס אנגעזאגט זעהר א טרויריגע בשורה, וואס רויבט אוועק די לעצטע האפנונג, וואס לעשט אויס יעדען שטראהל...

און א גאנצען פורים האט דאס שטיבעלע געטרויערט, ווי מען וואלט דא „שבעה" געזעסען, ווי מען וואלט א געשטארבענעם בעוויינט.

געשטארבען איז פאר חייענען די רייכע שוועסטער...

אברהם רייזען.

---

# אבגעריסען פון אייגענע.

(א פורים ערצעהלונג)

באלד ווי מען געהט אריין אין שטוב, איידער מען קומט אין די וויטערדיגע צימערען, לינקס,—זעהט מען עפיס א שווארץ פינסטער לאך, אין דער פארם פון א טיר. און אז מען ציגדט אן א שוועבעלע, שפרינגט אפ א ביסל דאס פינסטערניש און מען דערזעהט, אז דאס לאך געהט אריין טיף אהין אין וואנט אריין, און דארטען איז עס א ביסל ברייטער...

דאך איז וועגען דעם לאך געהאנגען אויפ'ן טויער א בלויער

צעטעל מיט דייטליכע גרויסע רוסישע בוכשטאבען: „דא איז א צימער צו פערדינגען מיט אבעזונדערען אריינגאנג, ביליג. ערקונדיגען זיך ביי...“

דאס וואָרט „ביליג“, האט שטאַרק גערייצט מאירסאנען, ווען ער איז געגאנגען זוכען פאר זיך וואוהנונג מיט איינציגע מאנאטען צוריק, און ער האט באלד איינגעווילינט, כאטש דאָרטען האט געפעהלט די ליכטיגקייט פון דעם העלען טאג.

— עס איז דאך ווינטער,—האט ער דאמאלס געטראכט — דער טאג איז קורץ, סאי ווי סאי מוז מען ארבייטען ביי אלעמפעל, נו, איז וואס איז דער אונטערשיד, יא פענסטער, ניט פענסטער — אלץ איינס ברויכט מען פייער...

אזוי טראכטענדיג וועגען דעם צימער איז עס איהם נאך מעהר געפעלען געוואָרען, איידער א צימער מיט פענסטער. אז עס איז ליכטיג— ברויכט מען, אז אין צימער זאל עפּיס זיין אויפגעראמט, מען דארף האבען א ריין בעטל מיט ווייסע וועש: עמיצער געהט אריין—זאל דאס געזיכט ניט ברענען פאר חרפה... עס פאסט ניט...

ווייסע וועש, אויפראמען — עס איז אפילו קלייניגקייטען: דאך אבער אליין טוט זיך עס ניט, און ווידער עס מוז קאסטען געלד — אזא זאך, וואס עס איז ניט שטענדיג „בנמצא“, צווישען אונז גערעדט...

דערצו טרעפט, אז מען דארף אמאל אבקומען א טאג מיט א פונט שווארץ ברויט מיט א שטיקל הערינג, — וואס דארף דער צווייטער זעהען, גענוג אז איך זעה עס אליין...

נאך א מעלה האט געהאט דאס „לאך“ ביי מאירסאנען אין די אויגען — עס האט איהם דא קיינער ניט געשטערט אין זיינע פאנטאזיען. ער איז עפּיס א שטיקל „בעל דמיון“, ווי ער פלעגט זיך אנרופען, און ווען עס איז שטארק שטיל, פלעגט ער ליבהאבען איינצוהערען זיך אין יענע „שטומע טענער“, וועלכע קריכען ארויס אומגעזעהען פון יענער שטומער טיפער שטילקייט און ריהרען איהם אן ביי דער נשמה, און טראגען איהם ערגעץ אוועק ווייט, ווייט פון דאנען, אין „עולם השירה“ אריין, ווי ער פלעגט זאגען...

גיט אבער ווער אין מיטען דערינען א לייכטען שארך — פאלט ער אראב פון דער הויך, און פיהלט זיך אזוי געדריקט פון דער מאטעריעלישער וועלט, פון יענע מענשען, וואס נאר מען „פליעט“, פרעג וואס, פרעג וועו...

דא אבער איז ער אזוי, ווי אין א פעסטונג. אויף איהם איז נאך גאנצע פיער שטאק, אונטער איהם איז א קעלער-גרוב א לעדיגער, ארום און ארום — דיקע פעסטע ווענט, און אז די טיר, וועלכע פיהרט צום בעל-הבית וואהנונג, איז פערמאכט, — מעג זיך אויף יענער זייט וואנט זיין וואס עס וויל — א שרפה, א מבול, איין איבערקערעניש — צו איהם וועט עס ניט אנקומען...

דאך טראכט זיך איהם אמאל: ווי וואלט געווען, אז מיט אמאל וואלט דאס הויז געבען א שטארקען ציטער, און די פיער שטאק פון אויבען וואלטען זיך צעשאקעלט און „כורעים“ געמאכט: ער וואלט דא בעגראבען ווערען אזוי שטיל, אזוי לייכט... אין א פאר וואכען ארום וואלט מען איהם אפשר געפונען א צעברעקעלטען אונטער דעם איינגעפאלענעם הויז.

דא אבער האבען זיך איבערגעריסען זיינע געדאנקען:

— אבער וואס וועט ד א ר ט ע ן זיין, אז מען וועט זיך דער־וויסען פון אזא מין מיתה משונה? —

דא פלעגט זיך איהם פארשטעלען א קליין הייזעל, דאָרטען ערגעץ ווייט פון דאנען, אין א קליין שטעדטל אין דער ליטא.

נעבען א קליין טישל, אויף וועלכען עס שטעהט א זיפּ מיט פעדערען, זיצט זיין מוטער — איין אלטע יודינע, מיט טונקעלע שפּאקולען אויף איהר דארער דינער נאז, און איהרע דארע דינע פינגער פליקען די פעדערען...

די ווינטער-נאכט איז לאנג שרעקליך, אין שטיבל איז האלב פינסטער, אויפ'ן גאס בלאזט דער ווינט און דאס קליין הייזעל טוליעט זיך וואס מעהר און מעהר אינ'ם שניי...

און די אלטע פינגער פליקען די פעדערען, און דער אלטער מח ארבייט אויף אלע כלים: וואו איז יעצט איהר זוהן, איהר ליבער מאיר'ל? האט ער וואס צו עסען, האט ער וואו צו שלאפען, פריהרט ער ניט ערגעץ?

— א בריף געשיקט איהם, ער זאל זיך דערמאנען אן דער אלטער מוטער און קומען אויף יום-טוב אהיים, — וועט ער קומען? וועט זי האבען דעם נחת?...

און מיט אמאל, ווי זי זיצט און טראכט וועגען דעם פרייהליכען יום-טוב, — קומט אן פלוצלינג א ידיעה, אז מאיר'ל איז שוין ניטא, ער האט זיך שוין אריבערגעקליבען אין א בעסערע וועלט, וואו מען ברויכט ניט קיין עסען, קיין דירה, וואו מען פיהלט ניט קיין קעלט, קיין בזיונות איבער דעם וויסטען אָרימקייט...

און די אלטע הענט צעציטערען זיך, די איינגעפאלענע ברוסט הויבט זיך אן שטארק צו בעוועגען ארויף און אראפּ, און עס הויבט זיך אן שטארק צו הוסטען, און דאס פייער'ל אין לעמפּעל הויבט אן צו טאנצען, און די פעדערען אין זיפּ — צעשפּרינגען און צעפליהען, ווי א חברה ניט-גוטע וואלטען זיך צעהוליעט אויף דעם מענשען'ס אומגליק...

---

אז מאירסאן האט זיך אויפגעכאפּט, איז שוין געווען גענוג שפּעט, עס איז שוין געווען כמעט אומוטום נאך דער מגלה.

ער אבער האט ניט בעמערקט ווי שפּעט עס איז. פון א ווייטען פענסטער, אין א צווייטען צימער, האט א טונקלער פאס ליכטיגקייט אבגעשיינט אויפ'ן וואנט קעגען איבער זיין פינסטערער טיר, און ער האט פארשטאנען, אז עס מוז שוין זיין א שטיק אויף טאג.

— היינט איז יום-טוב, — איז איהם ארויף באלד אויפ'ן געדאנק: — ער ברויכט ניט צו געהן „פוילען“ אויף זיינע עטליכע לעקציאנען, וואס ער האט...

און עפּיס א ליעבע ווארימקייט צעגיסט זיך איבער זיינע גלידער, און ער הויבט זיך אן צו ציהען אין דעם אנגעווארעמטען געלעגער.

— און באלד וועט זיין שבת — ווידער א יום-טוב, — טראכט ער ווייטער — און אין גיכען — פסח: א יום-טוב, כמעט אויף גאנצע צעהן טעג...

ער האט שוין געוואלט אויפשפרינגען פאר שמחה פון בעט, פלוצים אבער האט איהם א זעץ געטאן א נייער געדאנק, ווי מיט א דונער: וויפיעל געלד ער ברויך אויף פסח, וואו וועט ער עס נעמען?

ער קארטשעט זיך איין ווידער און פארמאכט די אויגען, און אין דער פינסטער הויבען איהם אן צו פינטלען אלערליי ציפערן... אזוי פיעל דארף ער בעקומען ביי איין בעל-הבית, אזוי פיעל ביי דעם צווייטען, ביי דעם דריטען, צוזאמען וועט זיין אזוי פיעל... אזא סומע קומט פאר דער דירה, אזוי פיעל — אין שפייז-קרעמל... און ער פארטומעלט זיך אין די ציפערן, וועלכע צעשווימען זיך אין דער לופט, און קיין סך-הכל קאן ער ניט מאכען...

ער עפענט אויף ווידער די אויגען. אין קאפ איז אוויילע פוסט, די אויערען זענען אפען — ער הערט זיך איין...

עס איז דורך געלאפען א יונגל פאר ביי זיין פינסטערער טיר מיט א גראגער אין די הענט, וועלכער האט זיך שטארק געדרייט און געטראסקעט...

עס האט מאירסאנען א גרילץ געטאן אין די אויערען און דערמאנט איהם אן פורים.

— אויפשטעהן, צו ניט? -- לויפט איהם דורך א פראגע, און ער דערמאנט זיך, אז נעכטען האט ער אויסגעגעבען זיינע לעצטע עטליכע גראשען אויף א פונט נאפט.

— איינגענטליך צו ליב וואס? — טראכט ער ווייטער: — ווען עס וואלט געווען געלד, וואלט איך חאטש היינט, צום ווייניגסטען, פערשאפט זיך א ביסל פארגעניגען — בעשטעלט ארעכטען מיטאג, ווי עס פאסט פאר אזא יום-טוב, און אפשר א ביסל בראנפען אויך — לאמיך פיהלען, אז עס איז יום-טוב...

און איהם שטעלט זיך פאר א גרויס צימער אין א רעסטאראן. ארום א מארמארנעם טישל זיצט ער מיט עטליכע פון זיינע בעקאנטע. א פלעשעלע בראנפען מיט קליינע אנגעפולטע קעלעשקעס, וועלכע שטעהען רייענד ארום יעדערן, אט הייבען זיי זיך אויף, מען מאכט פריילעך „לחיים!" און דאס ביטערע פליסיגקייט גליטשט זיך אריין אין האלדז אריין, און אויפ'ן הארצען ווערד אזוי פרייהליך... אין מיטען דעם לויפט אריין דער קעלנער: „וואס פערלאנגען זיי?" — „פיש!" — שרייט ער אויס צום ערשטען.— דער נאך ווידער א קעלעשאק בראנפען, מיט צו פארבייסען...

— פוי! — שפייט ער אויס: — צו ווייט פערקראכען, דערווייל איז אויף ברויט מיט א שטיקל הערינג אויך ניטא...

— אפשר לייהען ערגעץ עטוואס? — טראכט ער ווייטער, באלד אבער קומט ער צום דעם בעשלוס, אז קיינער וועט איהם ניט לייהען, און עס איז גלייכער אבצולייגען דעם טאג דא אין דער פינסטער...

מיט דעם בעשלוס פערמאכט ער ווידער די אויגען, און ציהט זיך איבער מיט דער דעקע איבער'ן קאפ.

עס לאזט איהם אבער עפיס ניט רוהען: עס איז דאך פורים, אזא פרייהליכער טאג, וועלכער ענטהאלט אין זיך פאר איהם אזוי פיעל אנגענעהמע זכרונות, איבער הויפט פון זיין קינדהייט.

איהם לויפט דורך אמאלעדיגער, א קינדערשער פורים.

דאמאלס האט נאך זיין זיידע געלעבט -- א יוד א בעל-הבית, מיט פיעל טעכטער און איידעמ'ס.

פאר נאכט פלעגט ער געהן דעם זיידען אבטראגען דעם „שלח-מנות", וואס די מאמע פלעגט שיקען מיט איהם: א פלעשל ווין, א פאמעראנץ א גרויסען, א פאר לימאנען, מיט א גוט פעקעלע שמעק-טאבאק...

דער פאר פלעגט ער בעקומען פונ'ם זיידען -- אליפליכען קנייפ אין בעקעלע, א פאר המן טאשען, א הויפען געקאכטען ארבעס, און צוריק אהיים פלעגט ער איהם שוין ניט לאזען ביז נאך דער „סעודה".

דער נאך פלעגען זיך צונויפקלויבען אלע פינף טעכטער מיט די פינף איידעמ'ס, מיט זייערע קינדער, מיידעלעך און יונגעלעך, וואס ער האט זיי בשום אופן נישט געקאנט איבערצייל'ען, שטענדיג פלעגט ער א טעות האבען...

און אז דער עולם פלעגט ווערען א ביסל פרייהליכער נאך דעם אויסגעטרונקענעם ווין און בראנפען — דאמאלס פלעגט זיך ערשט אנהויבען די רעכטע שמחה.

(ענדע קומט).

מ. עהרליך.

---

## צווישען אונז גערעדט

### משלוח-מנות ווארשעווער יודישע ליטעראטען.

אין פעטערסבורג האט מען געמאכט א העברעאישען אבענד.

אין פעטערסבורג לייענט מען לעקציעס וועגען זשארגאן.

אין פעטערסבורג מאכט מען שוין דעם צווייטען זשארגאנישען אבענד.

און אין ווארשא גאר ניט...

די אלע זשארגאנישע אבענדען מיט זשארגאנישע לעקציעס קומען פאר אין אזא שטאדט, וואו עס איז ניט דא קיין איינציגער זשארגאניסט, קיין איינציגער, וואס זאל וויסען פון דעם טייטש פון די טייערע ווערטער, וואס געפינען זיך אין דער זשארגאנישער שפראך ווי: פאסטעמקעס, פאסטעוועקעס, פישטשעוועקעס, אצקען, קלאצקען, בוצקען, טשאקענדיג, זשוואווע, פארצוואלעווען, קורעלאפניק, קלאמפערשט, קרעמפולעץ און נאך אנדערע אזוינע זשארגאנישע פערעל.

אין אזא שטאדט קומען פאר זשארגאנישע אבענדען מיט לעקציעס און אין ווארשא גאר ניט!..

ווארשא די גרעסטע יודישע שטאדט, וואו עס געבען זיך ארויס אזוי פיעל יודישע צייטונגען, וואו עס געפינען זיך אזוי פיעל פערלעגער מיט שרייבער.

ווארשא, וואו אויף איין גאס געפינען זיך מעהר יודען, קיין עין הרע, ווי אין גאנץ פעטערסבורג.

ווארשא, וואו ניט נאר יודישע שרייבער הערען ניט אויף צו שרייבען און פרובפערען זיך, נאר אלע בעל-הבתים שרייבען שירים, אפילו ווייבער און בר-מצוה'דיגע יונגלעך שרייבען אויך זשארגאנישע שירים מיט „סקיצען" און „ארטיקלען", איבערהויפט שירים. אט אין אזא ווארשא איז אין די אלע לאנגע נעכט פון א גאנצען ווינטער קיין איינציגער „אזא אבענד" ניט געווען.

לעהרער און אלערליי יודישע פריקאשטשיקעס אין ווארשא, האבען געמאכט עטליכע אבענדען און יודישע ליטעראטען קיין איינ־ציגען ..

פאר א פאר יאהר האבען ווארשעווער יודישע ליטעראטען זיך אנגענומען מיט כח, געוואלט זיין צו לייטען גלייך און האבען געמאכט א פאר „פורים־אבענדען", נאר זיי האבען ניט געוואוסט ווי אזוי „אויס־צוזעצען זיך" אויף דעם אבענד. דער האט געזאגט, מען דארף אזוי זיצען און דער האט געזאגט, מען דארף זיך זעצען אנדערש, און ווי אזוי מען האט זיך אויסגעזעצט איז אלץ אויסגעקומען, אז מען זיצ[illegible] ניט גוט, ניט לייטיש, ניט ווי מענשען זיצען און עס איז געבליבען אז מען זאל דעם „פורים־אבענד פון די יודישע ליטעראטען" אוועק געבען די קרעמער מיט די סוחרים און זיי מאכען פאר זיך א פורים־אבענד שוין דאס צווייטע יאהר, עד היום הזה.

און צווישען די ווארשעווער יודישע ליטעראטען איז טרויעריג, אומוטיג, קיין סימן פון לעבען, ווי אויף דעם בית עולם.

און אלץ נעמט זיך דערפון, וואס ווי באלד די ווארשעווער יודישע ליטעראטען קומען זיך צוזאמען אויף א שמחה, געפינען זיך, ווי אויף יעדער יודישער חתונה, א פאר מחותנת'טעס, וואס בלאזען זיך, מאכען חנ'דלעך, יעדע מחותנת'טע וויל זיצען אויבען אן, נאר איהר זאל מען דינגען א „וויוואט", נאר פאר איהר זאל מען מאכען א „וואַ־רע"; די צווייטע מחותנת'טע שטעהט אין גאנצען ניט אן צו זיין מיט דער ערשטער מחותנת'טע אויף איין חתונה; א דריטע פארלאנגט, אז מען זאל נאר בעטען אויף דער חתונה מיוחסים. אזוי לאנג אזוי ברייט בלאזען זיך די מחותנת'טעס ביז מען צעקריגט זיך.

אוים חתונה, אוים כלי זמר, אוים שמחה...

---

אומוטיג איז אויך אין די יודישע צייטונגע' עס האט זיך עפּיס געמאכט אויף א פאר טעג א „שטיקל דרייפוס", א „ביכל עמבער", אלע האבען זיך דערויף ארויסגעווארפען ווי הונגעריגע הייששעריקען און עס איז ווידער שטיל געווארען. חאטש לייג זיך שלאפען אדער קויף א פאפיראס־מאשינקע מיט א טויזענט גילזען און מאך פאפיראסען.

אין דער פאליטישער וועלט איז אויך שטיל, די מאקעדאנער האט מען געהייסען שווייגען, טשעמבערלען איז געקומען פון טראנס־וואל צוריק מיט דעם בייטשעל.

א גליק וואס די מזרחי'סטען האבען זיך צוזאמענגעקליבען אין לידא און האבען א ביסל אויפגעקעכט אונזערע צייטונגען.

---

א פעטערסבורגער רוסישע צייטונג איז חאטש געפאלען אויף א שכל, ווען זי האט געזעהען, אז עס איז ניט דא פון וואס צו שריי־בען, האט זי געשריבען אין איהר צייטונג אזא מעשה: ווען דער פראפעסאר וואן־דער־פליט איז געגאנגען אין אוניווערזיטעט לייענען א לעקציע פאר די סטודענטען, איז איהם אויף דער גאס אנגעפאלען א וואלף און איהם געוואלט אויפעסען, נאר צו זיין גליק זענען אנגעקומען די סטודענטען און האבען דעם וואלף פערטריבען און זייער פראפעסאר געראטעוועט. אלע צייטונגען האבען זיך אין דער פוסטער צייט ארומגעטראגען מיט דעם נייעס ווי מיט איין אבן טוב, אפילו איינינגע יודישע צייטונגען האבען דעם אבן טוב אויפגע־חאפט.

איצטער שרייבט דער פראפעסאר אין די צייטונגען, אז די גאנצע מעשה איז אויסגעטראכט און ער וועט איינגעבען אויף דעם רע־דאקטאר אין געריכט.

נאר דער רעדאקטאר וועט אננעמען דעם משפט פון געריכט פאר ליב, אבי זיינע לעזער האבען געלייענט מיט פערגניגען גוטע נייעס.

אט דאס הייסט א געטרייער רעדאקטאר, וואס איז זיך גרייט מקריב צו זיין פאר זיינע לעזער.

פאר וואס זאלען די יודישע רעדאקטארען זיך אמאל ניט מקריב זיין פאר די יודישע לעזער, אז זיי זאלען נעביך אזוי אפט ניט גענע־צען פון די יודישע צייטונגען. פאר וואס זאלען זיי חאטש ניט אויס־טראכטען, אז היינטיגען פורים האבען ווארשעווער יודישע ליטעראטען געמאכט א „פורים־אבענד" און האבען זיך ניט געבלאזען און זיך בשלום צעגאנגען פון דעם ליטעראַרישען אבענד, אדער אז איין ווארשעווער יודישער ליטעראט זאל זאגען אז א צווייטער יודישער ליטעראט קאן אויך עפּיס אנשרייבען.

גלויבט מיר, אז אין אזוינע אויסגעטראכטע נייעס וועגען וואר־שעווער יודישע שרייבער וואלט מען פיעל ווינציגער געגלויבט ווי אז א וואלף זאל אין מיט'ן העלען טאג אויף א פעטערסבורגער גאס וועלען אויפעסען א פראפעסאר.

מ. חיות.

---

# משלוח־מנות לפורים.

לויט דעם אלטען מנהג פון אונזערע אבות־אבותינו וויל איך אויך מכבד זיין דעם עולם מיט מתנות לכבוד דעם הייליגען יום־טוב. נאר ווייל עס האט מיר פערפעהלט א שליח מיוחד, בעזארג איך מיינע כבודים דורך די רעדאקציע פון „פאלקס־צייטונג:

דעם אלטען „המליץ" — איין יאהריגען אבאנענט אויף די אלטע בלעטער פון איש יהודי.

דעם רעדאקטאר פון „הצפירה" — א לאנגען טאג פון 48 שעה און מיטארבייטער אהן פסעוודאנימען.

דעם „הצופה" — פאריזער נייעס, מעג זיין דרייפוס, עמבער וכדומה, אבי נאר פון דארט.

דעם „הזמן" — איין רעדאקטאר.

דעם „השלח" — אלע מעלות פון דעם געוועזענעם רעדאקטאר.

דעם „עולם קטן" — א גרויסע צאהל פון קליינע לעזער.

דעם „הפדגוג" — א זכיה ביים יודישען פאלק צו ווערען זעלבסטשטענדיג.

דער דייטשער „וועלט" — א פרישע הסכמה פון א קריסט־ליכען גראף אויף דעם ציוניזם.

דעם „הפלס" — איין עהרליכע וואג.

דער „פאלקס־צייטונג" — ווינציגער טרערען אויף דעם קבר פון „יוד".

דעם „פריינד" — א שנעלע עקספעדיציע און א שרייב־מאשין, וואס זאל אליין ענטפערן תשובות אויף אלטע בריף.

דער פוילישער „איזראעליט“ — א יודיש הארץ.

דער חברה „תושיה“ — א שנעלען סוף פון דער ביבליותיקה־עברית, מיט א גוטען רעזולטאט.

דער חברה „אחיאסף“ — א נייעם אוצר.

דער חברה „כרמל“ — אומזוסטע רעקלאמעס.

דער חברה „לבנון“ — אייגענע טהעמאס.

די אלטע „חובבי ציון“ — פאליטישען ציוניזם.

די „מזרחים“ — א שותפ׳ישע דירה אויף א ישיבה מיט דער האך־שולע פון דער פראקציע.

דעם יודישען פערלאג אין בערלין — א נידריגערען טאן פון אייגענע מעלות.

ה׳ אוסישקין אין יעקאטערינאסלאוו — א נייע בולאווע פון עצי זית.

דעם אדעסער קאמיטעט — אמת פון ארץ ישראל.

מענדעלי מוכר ספרים — א נייעם דעכעל אויף די אלטע קיביטקע.

דוד פרישמאז — א קאמפלעט פון ספר „המתאימות“ ווארט אונ ווארט איבערגעשריבען פון „היכל הקדש“.

שלום עליכם — א פרישע פרנסה פאר מנחם מענדלען.

מ. ספעקטאר — א ראמאן מיט א נאמען.

י. ל. פרץ — איין איינפאכען פשט אויף הויכע חקירות.

יעקב דינעזאהן — א פאר טוץ נאז־טיכלעך אבצווישען די טרעהרען פון די פערוויינטע לעזער.

ה׳ מ. ל. ליליענבלום — חטאות נעורים.

ח. נ. ביאליק — פרישע פירות פון זיין „גארטען“.

י. ח. טביוב — א צווייטע אויפלאגע פון דער זשארגאנישער גראמאטיקע.

צעירים — אוואנסען אהן א חשבון, פאנטאזיעס אהן א ברעג.

אלע דאקטוירים, וועלכע שרייבען מעדיצינישע ארטיקלען אין יודישע צייטונגען — א נייע קרענק.

זיך אליין — א ברכה איך זאל אויפהערען צו זיין אין רעדאקציע.

דער לץ.

*

ה׳ א. מ., א גוטער בעקאנטער פון אונזער בלאט שענקט אויך פון זיין זייט:

פאר ציוניסטישע חברות — א קלאר ווייסען געלינירטען פאפיר אנצושרייבען א קלינגענדע פראגראמע, וועלכע מען זאל באלד מיט התלהבות בעהאלטען אין ארכיוו.

פאר די חברה „יק״א“ — א שטיק גראבע וואטע צו פערשטופען די אויערען, זיי זאלען ניט הערען א יודישען קרעכץ.

פאר די חברה „מפיצי השכלה“ — א פאר רייכע ישיבה־בחורים, וועלכע זאלען פאהרען אין אויסלאנד שטודירען אויף אייגענע הוצאות.

די געעהרטע לעזער — איין אייזערנע געדולד, צו לעזען אלץ, וואס עס דרוקט זיך אין די נייע אונ אלטע בלעטער.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— ווי מען שרייבט אויס פאריז, וועט זשארע פארטראגען פאר דעם פארלאמענט א פראגע וועגען דעם בארדערא, וועלכען גענעראל מערסיע האט געבראכט אין רען.

— אין ניכען וועט מען מאכען איין אויספערקויף אויף זאלאס זאכען, אויך זיין זומערוואהנונג וועט מען די צייטען פערקויפען. מאדאם זאלא האט נאר גענומען פאר זיך די ביכער, וועלכע זענען ביי איהר זעהר טייער, די איבריגע האט זי אוועקגעגעבען צום פערקויפען.

— אין פעטערסבורג האט מען געזעצט א קאמיסיאן, וועלכע זאל בעהאנדלען די פראגע צו מאכען איין עלעקטרישע אייזענבאהן צווישען פעטערסבורג אונ מאסקווא צום פיהרען די פאסט.

— א יוד אין ווארשא נ. טשידנער האט געמאכט א מאשינע צו וואשען וועש אהן זייף אונ וואסער, נאר מיט לופט, וועלכע נעהט איבער אין א פליסיגקייט. די מאשינע איז זעהר א קליינע אונ קאסט נאר 4 רובל.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די סומע וואס א׳ז געזאמעלט געווארען צווישען די רוסישע יודען אויף צו מאכען א פאנד אויף דעם באראן גינצבורגס נאמען, גרייכט שוין ביז 120 טויזענד רובל.

**פראנקרייך.** דער בעריהמטער פראנצויזישער שריפטשטעלער זשול ווערן איז די צייטען אלט געווארען 75 יאהר. זשול ווערן האט אנגעשריבען הונדערטער ביכער. אין וועלכע ער דערצעהלט פון אלע וויסענשאפטען אין אינטערעסאנטע ראמאנען אונ ערצעהלונגען אונ זיינע ווערק ווערען פון דעם יונגען עולם זעהר גערן געלעזען. זיינע ווערק זענען כמעט אלע איבערזעצט אין זשארגאן אונ א טייל אויך אין העברעאיש. ווערן איז א געבארענער פוילישער יוד. ווי ווייט זיין יודישקייט האלט אצינד ווייסט מען נישט.

— דעם 29 אפריל וועט ביי דער חברה „כל ישראל חברים“ אין פאריז זיין א גענעראל־ פערזאמלונג. אזא פערזאמלונג איז שוין פון 22 יאהר נישט געוועזען.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— כ״ז שבט איז אין לידא (ווילנער גוב.) געוועזען איין אספה ביי דער ציוניסטישער פארטיי „מזרחי“. אויף דער אספה זענען צוזאמענגעקומען 40 דעלעגאטען פון פערשידענע שטעדט, צווישען זיי 15 רבנים. די אספה האט געעפענט דער פארשטעהער פון מזרחי ר׳ יצחק יעקב ריינעס דער לידער רב, וועלכער האט געהאלטען א רעדע אונ ערקלערט דעם צוועק פון די מזרחים, אויפגעוויזען ווי וויכט ניצליך זי איז, אז זי האט דעם ציוניזם געבראכט 10,000 נייע חברים וכדומה. דערנאך האט מען געליינט די טעלעגראמעס אונ בריף, וואס זענען אנגעקומען פון פערשידענע שטעדט אונ פערשידענע לענדער. צווישען די בריף זענען אויך געוועזען פון ד״ר נאבעל אויס האלבערשטאדט אונ פון ד״ר נאבעל דער ראבינער פון לייפציג. צו פרעזידענטען האט מען אויסגעקליבען ר׳ יצחק יעקב ריינעס אונ ר׳ זלמן גורלאנד אויס ווילנא, צו קאנדידאטען ר׳ פישל פינעס אונ אברהם יעקב סלוצקי אונ צו סעקרעטארען ה׳ שמואל אלכסנדרוב, בערמאן, כהן אונ פסח פרידלאנד. דעם דין וחשבון האט פארגעלייענט דער סעקרעטאר כהן אויף העברעאיש, פון דעם דאזיגען דין וחשבון האבען מיר דערגאנגען, אז די מזרחים האבען 110 אגודות. אין די 8 חדשים האט דער קאמיטעט פון די מזרחים צעשיקט 18,800 מכתבים חוזרים אונ האט בעקומען 1,800 בריף. די חברים פון מזרחי האבען אין 11 חדשים איינגעטראגען פאר 5000 שקלים, 6400 רובל צום נאציאנאל־פאנד, צום אדעסער קאמיטעט 1230 אונ פאר די וואס האבען געליטען פון דער חלי־רע 392 רובל

אחוץ די מזרחישע אגודות אין רוסלאנד האבען זיך אויך געגרינדעט איינינע אגודות אין דייטשלאנד, ענגלאנד, גאליציע אונ אפילו אין נארוועגען, בכלל פערגרעסערט זיך די צאהל פון די מזרחישע אגודות אלץ מעהרער אונ מעהרער.

## דער פראצעס וועגען דער צייטונג „הצופה“.

(פארטזעצונג).

### פראטאקאל פון דער געריכטס-זיצונג פון דעם 18-טען יאנואר 1903.

(ווארשעווער האנדעלס־געריכט, ערשטע אבטיילונג, אין דער צוזאמענזיצונג פון דעם פרעדסיעדאטיעל פ. פ. זשדאנאוויטש, אונ די מיטגלידער פון געריכט ט. פ. קאוואלסקי אונ ק. א. יאסינסקי, אונ פאמאטשניק סעקרעטער מ. א. באראנאוויץ.)

אום 5 אוהר מיט 35 מינוט נאכמיטאג האט דער פרעדסיעדאטיעל ערקלערט, אז דאס האנדעלס־געריכט טרעט צו צו דער אויסהערונג פון פראצעס צווישען זלמן הורוויץ אונ לייב שאלקאוויטש מיט לייזאר פרידמאן וועגען 7500 רובל.

אין דער זיצונג פון געריכט וועגען דעם פראצעס זענען געקומען אים נאמען פון די קלעגער דער פריסיאזשני פאוויערעני קוראטאוו אונ אים נאמען פון דעם אנגעקלאגטען דער פאמאטשניק פריסיאזשני פאוויערעני קליינערמאן.

נאכדעם ווי דער פרעדסיעדאטיעל האט פארגעלעזען דעם דאקלאד פון פראצעס האט דער אדוואקאט פון די קלעגער גערעדט וועגען גרונד פון דער אנקלאגע.

דער אדוואקאט ה' קליינערמאן האט ערקלערט, אז דער פראצעס געהער גאר ניט צום האנדעלס־געריכט איבער די טעמים: 1) דאס איז גאר ניט געוועזען א האנדעלס־קאנטראקט צו עקספלאאטירען די אונטערנעהמונג, נאר א פערשפרעכונג צו שליסען א קאנטראקט. א פערשפרעכונג איז ניט א האנדעלס־זאך. 2) אז פרידמאן איז א בעוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער, הורוויץ בעשעפטיגט זיך מיט הלוואות, וואס דאס איז ניט א האנדעלס־טעטיגקייט אונ שאלקאוויטש איז אויך ניט א קויפמאן — ער רופט זיך אליין — אין דער נאטאריאלניע זאיאוולעניע — נאר א ליטעראטאר, אונ דעריבער פערלאנגט ער, מען זאל פון דעם קיין „דיעלא“ ניט מאכען אונ צו משפט'ן פראצעס־קאסטען.

דער אדוואקאט פון די קלעגער פערלאנגט, מען זאל ניט אננעהמען די ערקלערונג פון קליינערמאן, איבער די טעמים: 1) ווייל דער צוגעשטעלטער קאנטראקט, וואס איז דער יסוד פון דער אנקלאגע, ענטהאלט אין זיך א ריינע האנדעלס-אונטערנעהמונג, די אויסניצונג פון דער אויסגאבע מיט דער פערפפליכטונג צו פיהרען אין געשעפט האנדעלס־ביכער. 2) ווייל הורוויץ איז ניט קיין מלוה, נאר א מאסקאווער קויפמאן ערשטער גילדיע, אונ פרידמאן בעשעפטיגט זיך אויך מיט האנדעל. דער לעצטער האט אליין געפונען פאר ריכטיג אויסצוהענגען אין דעם ווארשאווער האנדעלס־געריכט זיין קאנטראקט, וואס ער האט געשלאסען מיט איינעם עליאשעוו וועגען דער אויסניצונג פון דערזעלבען אויסגאבע פון „הצופה“, וואס איז געמאכט געווארען דעם 28־טען נאיאבער 1902 ביים נאטאריוס וויכטאווסקי.

דער סוד איז אוועקגעגאנגען אין דעם בעראטהונגס־צימער, אונ האט בעשלאסען די רעזאלוציע, וועלכע דער פרעדסיעדאטיעל האט מיטגעטיילט עפענטליך, מיט דער בעשטימונג מיטצוטיילען דעם בעשלוס אין איין אויסגעארבייטע פארם דעם 1־טען פעווראל 1903.

נאכדעם האט דער אדוואקאט ה' קליינערמאן פערלאנגט, מען זאל די קלעגער ענטזאגען אין זייער אנקלאגע אונ צו משפט'ן פאר דעם אנגעקלאגטען די פראצעס־קאסטען, ערשטענס, ווייל דער דערמאנטער קאנטראקט איז א בעהאלטענער קאנטראקט פון א הלואה, וואס קענען בעשטעטיגען זיינע עדות. צווייטענס, איז דער קאנטראקט ניט גילטיג, ווייל ער איז געמאכט אויף איין אונבעשטימטע צייט, געגען דער 43 סט. פון דעם האנדעלס־קאדעקס, אונ דריטענס, ווייל בנוגע צו שאלקאוויטשען איז דער קאנטראקט „אהנע אורזאכען“: פרידמאן איז א בעוואוסטער ליטעראטאר א. ז. וו. אונ צוזאמען מיט זיין שריפטשטעלער־טאלאנט אונ זיין פאפולארנאסט האט געוואוסט צו שעצען הורוויץ, וועלכער ערשיינט דא דער קאפיטאליסט; שאלקאוויטש אבער איז אהנע גרינדע אונ אהנע יעדע אורזאכע צוגעשטאנען צו דער זאך. פיערטענס, איז דער קאנטראקט בנוגע צו הורוויצען אונ צו שאלקאוויטשען געגען גוטע זיטליכקייט, ווייל פרידמאן לעגט אריין אין דער זאך אלעס וואס ער האט, זיין גוטען נאמען, זיין רעפוטאציע, זיין טאלאנט אונ זיין פערזענליכע ארבייט, וועהרענד הורוויץ בעקומט פאר זיין קאפיטאל 6%, אונ נאך 2 יאהר נעמט ער איהם צוריק ארויס אונ פון דעסטוועגען בלייבט ער א מיט־אייגענטימער פון דער זאך, וועלכע ער קאן אויך איבערגעבען זיין זוהן, אונ שאלקאוויטש לעגט אין געשעפט גאר ניט אריין (זעה סט. 6 פון בירגער־ארדנונג אונ 1133 סט. פון האנדעלס־קאדעקס). — אונ בנוגע צו דער סומא פון דער אנקלאגע איז זי אין גאנצען ניט ריכטיג. יעדענפאלס ערקענט דער קאנטראקט אין זיין אבשאצונג, אז די פפליכטען אונ די רעכטע זענען גלייך פערטיילט. הורוויץ האט אריין געגעבען אין געשעפט 2500 רובל, פרידמאן אבער אונ שאלקאוויטש גאר נישט. דעריבער איז געזאגט אין קאנטראקט, אז ווען מען וועט ניט האלטען אונ מען וועט צעברעכען דעם קאנטראקט, פערליערט הורוויץ זיינע 2500 רובל, ווען אבער אז עס וועט ארויסגעהן פון געשעפט איינער פון די אנדערע צוויי שותפים, דארף יעדער צאהלען צו 5000 רובל, ד. ה. ער דארף אומקעהרען דאפעלט ווי די האנדגעלד. — בעווייזענדיג נאך, אז דער דאזיגער קאנטראקט, ווען מען זאל איהם שוין אננעמען אלס האנדעלס־קאנטראקט, איז ניט גילטיג ווייל ער איז ניט אויסגעהענגט געווארען אין האנדעלס־געריכט (סט. 42 פון האנדעלס־קאדעקס) אונ אננעמענדיג אז 2500 רובל געהערט הורוויצען, פערלאנגט ער, מען זאל גאר צומשפט'ן די 2500 רובל הורוויצען, אונ די איבריגע טיילען פון דער אנקלאגע אבזאגען אונ מען זאל צומשפט'ן פאר דעם אנגעקלאגטען די פראצעס־קאסטען.

(פארטזעצונג קומט).

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b-Krakau.

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן אין קראקוי לטובת הקופה הלאומית).

ה' יעקב קאטנער אונ' פריילין חנה וואסערבערג האבען צוזאמענגענומען ביי א סיום התורה אין זאל דזיקא 11, 2.20 רובל. — הר' משה העלענגלאז וה' ניעמיראווסקי באספה על החתונה של הר' זיידענברג, קבץ 5 רובל, ב' אדר תרס"ג. — ה' יעקב שמולעוויטש מדובאסאר 1 רובל.

## קונעראל כשר על חג הפסח

איין רייניגעס ניססענשמאלץ זעהר נעזונד פיר מאגענליידענדע. גוט צום קאכען און באקען פערשיעדענע שפייזען. הארטע קאקוסבוטטער, אויך אללע ארטיקלען פיר שאקאלאדעפאבריקען.

הכשרים פון ווארשויער רבנים.

הויפטפערקויף אין ווארשא, דזיקא 36

15 14 ביי **א. מ. קאשער.** 114

Зеркальный фабрикантъ
ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,
Варшава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.

(104) 25 – 9

## די קאנדיטעריי פון ברידער קאטליצקי אין ווארשא:

1) נאוואליפקי נומר 8 ביי האטעל „ראססיא". — 2) פיליע: אייזערנער טהויער נומר 3 ביים זאקסישען גארטען

(טעלעפאן 1148 נומר)

נעמט אן אלערליי בעשטעלונגען פון קאנדיטעריי זאכען, ווי: טארטען, מאראז־שענע, קאנפעקטען, פיראמידען און פיראזשנעס. די אלע סארטען קען מען צו פסח בעקומען אין שטרענגסטע כשרות. בעשטעלונגען פון פרעמדע שטעדט ווערען פינקטליך פערפערטיגט און ארויסגעשיקט אויף מיטעלמעסיגע פריי־זען, ווען מען שיקט צו 25 פראצענט האנד געלד.

(174) 15—1

### פ״הע״ע ... כשר לפסח ... פ״הע״ע

אפילו למהדרין מן המהדרין.

די אדעסער אבטהיילונג דער בעוואוסטער טהע אק־ציען־געזעלשאפט, וועלכע איז בעקאנט אונטער דער פירמא

### וו. וויסאצקי עט קאמפ. מאסקווא

(קלונימוס זאב וויסאצקי)

איז מודיע, אז אויך היינטיגעס יאהר ווי די פריהעריגע יאהרען וועררד די טהעע אויף פסח פערפערטיגט אונטער דער שטרענ־גער השגחה פון דעם היעגען רב און זיינע נאמנים, אז ס'זאל חלילה ניט זיין קיין שום קלענסטער חשש פון חמץ.

די טהעע ווערד געארבייט דורכאויס דורך יודישע ארביי־טער ריין, זויבער און אמת כשר אויף דעם פיינסטען אופן, ווי עס קען נור געבען און אויך אויף דיזען ארט ווערד אריינגעלעגט אין די קיסטע און צושיקט אלע אונזערע געעהרטע אבנעהמער אויף אין אונזערע נידערלאגע אין ווילנא, ווארשא, האר־קאוו, רינא, טיפליס, ראסטאוו, סימפעראפאל אזוו.

דער הכשר מיט דער חתימה און זיגעל פון דעם רב געפינט זיך ביי יעדען אבנעהמער פון אונזער טהעע.

3—1 173

## !!! וויכטיגע נייעס !!!

עס איז ערשיענען פון דרוק א נייע, וויכטיגע כריסטאמאטיע גרינדליך אוים צו לערנען די רוסישע און דייטשע שפראכע אין זשארגאן און קאלי־גראפישע פראפיסען. ביידע פון ה׳ יוסף גאראדינסקי, דער מחבר פון הויז־קארעספאנדענט.

פרייז מיט פארטא 40 קאפ׳. בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך איז ערשיענען א פיערטע נייע אויפלאגע פון דעם הויז־קארעס־פאנדענט, מיט פיעל אויסבעסערונגען אין דעם טעקסט רוסיש־זשארגאן און מיט א נייע צוגאבע דייטשע־בריעף און קאליגראפישע פראפיסען.

פרייז מיט פארטא 30 קאפ׳. בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

אויך געפינט זיך ביי מיר אין ביכהאנדלונג מיין אייגענער פערלאג פון ד״ר רובינ׳ס ווערק: 1) החיים והמות; 2) סגולות בעלי חיים; 3) מלחמת הנגלה והנסתר; 4) סגולות הצמחים; 5) מערכת טעמי המצות.

אויך געפינט זיך ביי מיר אלערליי השכלה ספרים פון אלע פערלאגען, ספרי הנוך, מליצה ושיר וספרי רומעל פון אנדערע פערלאגען און אייגענע.

אדרעססע:

Книжный магазинъ С. Розумовскаго, Бердичевъ.

177 אדער אין דער פיליע: 10—1

Варшава, Налевки 34, Арону Цейлингольду.



## גענעז מערידען און פוקלעס!

אפאראט וועלכער היילט גרינדליך אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר׳ 50 קאפ.

Д. МОШКОВСКІЙ Варшава, Налевки 37.

(55)



## בילליג און פראקטיש

לעהען איך דורך בריעף ופא״פ גיך און גוט מאכען אלע סארטען זייף טאאלעטנע וכשרה, וועש-סאדע, חימיטשעסקע פאקאסט. עהל צום פארבען א 2 ר׳ א פוד, הדבר חדש. שוה-וואקס, וואגען שמירע, סאפאזשנע מאזע צום ווייך מאכען לעדער, דיקען וואזעלין, סאבאנאפט. על תים דרכי בזה שאני מורה לחועיל פא״פ וע״י מכתבים ראה עדות הרבנים דפה ומתלמידי ב„הצפירה" № 124 272 שנת 1900—וב„המליץ" № 177. ראה בוואסחאד 25-26 № ש״ז. גם זוך איך א שותף צו פאברעצירען אלעס הנ״ל אפילו חוץ לתחום מב״י. לתשובה א מארקע בת שבע.

אדרעססע: Мыловаръ Іосифъ Янкелевичъ, г. Дубоссары Херс. губ. соб. д.

153 1—2

## טובים לתשורות ומשלוח מנות!

1) **עולם קטן**, עתון מצויר לבני הנעורים, מהדורא ראשונה (65 חוברות) בחמשה כרכים מכ׳ הדר כל כרך במחיר 1.50 רו״כ, כל חמשת הכרכים ביחד 6 רובל.

2) **לוח עולם קטן**, קובץ ספרותי ושמושי לבני הנעורים, עם תמונות וציורים, מכ׳ הדר מחירו 1 רובל, להותמי ה„עולם קטן" 75 קאפ׳.

3) **ספרים שונים** מכורכים הדר מכל המחלקות שבהוצאת „תושיה": תמונות וציורים, מכשירי הלמוד, אגרות גלויות מצוירות ואלבומים שונים במחירים שונים.

פרוספקט מפורט ע״ז נשלח חנם לכל דורש!

Издательство „Тушія" Варшава.
Verlag »Tuschijah« Warschau.

3—3 בע״פ: נובלופקי 7, מעון 9. 166

## וויכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי און גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד"

„ТРУДЪ" פון **א. קאמען, ווארשא**, סאלנא 10

נעהמט אן פערשיעדענע פראכט און איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע און שענסטע ארנאמענטען און שריפטען, נעהמט אן בעשטעלונגען אויף איינבינדען און

בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. וו.

בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף **פרעזענטען**

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה" און „אחיאסף" און פיעל אנדערע.

זיך צו ווענדען שריפטליך און מינדליך אן

164 **А. Камень**, Варшава, Сольная 10. 10—3

### „אגאטאל"-גורסקי, ווארשא. לעשנא № 4

דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאהנער,

פערהיטעט זיי פון פוילען און ווייטונג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז 20 קאפ׳ און 30 קאפ׳ פארדערן איבעראל.

(125) 5—?

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען

ד. באראדאווסקי ווארשא, לעשנא 9 № וואהנ. 4

אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען.

25—4 147

